דער לעבעדיקער

# פּאָמפּאַדור

פאַרלאַג „אחיספר", וואַרשע

ביי געז. „צענטראַל", נאָוואָליפּקי 7.

Printed in Poland

ווער איז פּאָמפּאַדור?

אַ רעוואָלוציאָנער אָן אַ פּאַרטיי,
פאַר וועמען אַלע רעוואָלוציעס
זענען אַמאָל געלונגענע און אַמאָל
נישט געלונגענע פּאַראַדאָקסן...

# אינהאַלט:

## א. אין דער וועסטע פון דער איסט-סייד.

אַלץ איז מעגלעך דאָ ביי אונז, אויף דער איסט-סייד, זאָגט פּאַמפּאַדור.

ווייסטו, מיין פריינט, פון עפּעס, וואָס ס'איז דאָ אוממעגלעך?

מעגלעכקייט — דאָס איז דעמאָקראַטיע, דער קייזער-טראָן פאַר חוצפּה און עם-הארצות.

מעגלעכקייט — דאָס איז די אַלטעגלעכע קרוינונג פון טאַלאַנט-לאָזיקייט, „די פאָלקסשטימע" פון אונזערע צייטונגען.

און פאַרוואָס זאָל דאָ טאַקע נישט זיין אַלץ מעגלעך, מיין פריינט?

איסט-סייד, איך הייב פאַר דיר מיין אַלטן פאַרשוואַרצטן זומער-הוט! נאָר ביי דיר איז מעגלעך, אַז דער, וואָס האָט נעכטן געשניטן סחורה מיט אַ שער אין פאַבריק, זאָל מאָרגן שניידן מאנוסקריפּטן אין אַ רעדאַקציע!

נאָר ביי דיר איז מעגלעך, אַז אַ בייטש-אויפהייבער און פערד-דערמוטיקער פון היינט — זאָל זיין אַ כּלל-טוער, טאָנגעבער און פאָלקספירער פון מאָרגן. נאָר ביי דיר איז מעגלעך, אַז יעדער שטיוולפּוצער זאָל זיין אַ פּאָליטיקער!

איך זאָג, אַז אומזיסט האָט גאָט דעם מענטשנס קאָפּ באַצירט מיט מאַרך און טאַלאַנט — ווער דאַרף עס דאָ?

מאַך אַלץ מעגלעך, מיין פריינט, און דו וועסט האָבן דערפאָלג!

לאַך פון די נאַאיווע מענטשעלעך, וואָס שרייען: „יעדער מוז פאַרנעמען זיין פּלאַץ, טאַלענט איז אַ געטלעכער געשאַנק און נישט יעדער קען עס באַזיצן, און אכטן מוז מען נאָר דעם, וואָס באַזיצט עס", — לאַך פון זיי!

רוק דיך אומעטום — און דו וועסט אַנערקענט ווערן!

שליס די אויגן און מאַך די חוצפּה פאַר דיין פּירער, ווארים נאָר זי איז דער גאָט פון אנערקענונג און פון אַלע מעגלעכע מעג-לעכקייטן.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן אנערקענען זיך אַליין.

פריער פון אַלץ, פריינט מיינער, אנערקען זיך אַליין, — זאָגט פּאַמפּאַדור.

אנערקענען זיך אַליין — הייסט זיך דורכשניידן אַליין אַ וועג אין לעבן —

עפענען זיך אַליין ברייט און שטאַלץ די פאַרשלאָסענע טיר פון דערפאָלג.

ווי צו דעם, וואָס האָט מורא זיך אַליין צו אנערקענען.

שאַץ פריער זיך אַליין אָפּ, מיין פריינט, באַשטים פריער אַליין דיין ווערט.

די וועלט איז פאַר די שטאָלצע און די מוטיקע!

וואָס איז אַ צווייטנס שלעכטע מיינונג קעגן דיין אייגענער גוטער מיינונג?

וואָס איז פרעמדע נישט-אנערקענונג קעגן דיין אַליין-אנערקענונג?

פּאַמפּאַדור קען אַ סך כּלל-טוער, פּאָליטיקער, שרייבער, פּרעדי-קער און רעדלפירער, וואָס האָבן געהאַט געוונג שכל זיך אַליין צו אנערקענען, און זיי שפּילן אַ ראָליע ביי אונז און פייפן אויף פּרינ-ציפּן, ערלעכקייט, טאַלענט און יושר.

ווילסטו ווערן אַ שרייבער? — אנערקען פריער, אַז דו ביזט אַ שרייבער — און דו ווערסט עס!

— ווילסטו ווערן אַ כּלל-טוער, אַ דעה-זאָגער? זאָג, אַז דו ביזט עס — און דו ווערסט עס.

טאַלענט איז אַ שפּיל פאַר גרינע פון יענער זייט ים.

ריכטיקע אָפּשאַצונג איז אַ נאַרישע געוווינהייט פון בלינדע, וואָס זעען נישט די שיינקייט פון דאָלאַר.

איך האָב ליב די איסט-סייד — ווייל זי גענאָסעוועט און כל-ישראלעוועט מיט מענטשן, — בייכל-קלאַפּער און תורה-אויפרופער פאַר זיך אליין.

איר רופט זיי דעמאַגאָגן? — נאַרן, וואָס איר זייט! — העלדן זענען זיי, קעמפער, וואָס טרעטן אליין אויס אַ וועג פאַר זיך.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן ימים-טובים און עסן.

דער גרעסטער יום-טוב אין אַמעריקע איז דאָס עסן — זאָגט פּאַמפּאַדור.

עס — און דו וועסט הנאה האָבן פון עונג יום-טוב!

שוטים זענען געווען די גרינדער פון רעליגיעס, וואָס האָבן גאַנצע בערג מיט געזעצן געשריבן פאַר ימים-טובים.

די בעסטע גאַראַנטיע פאַר דער דערהאַלטונג פון ימים-טובים איז דער מאָגן.

פונם יום-טוב פון עסן האַלט יעדער איינער!

שיק דיין בליק איבער דער איסט-סייד, זע, ווי שיין און געטריי מען האַלט דאָ ימים-טובים!

אַנטינאַציאָנאַליסטן, מארקסיסטן, אַנאַרכיסטן, טעמעניסטן, אינטערנאַציאָנאַליסטן און טאגעבלאטיסטן — אַלע, אַלע זענען מקיים די מצווה פון עסן!

אַ ווויל לאַנד אַמעריקע:

קיין מלחמה פון עלטערן מיט קינדער ביים טיש.

פרעג דעם קצב און דעם קרעמער — און זיי וועלן דיר אויפדעקן דעם סוד פון דער דערהאַלטונג פון יידנטום אין אַמעריקע.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

לעבן איז דאָ שלעכט, — זאָגט פּאַמפּאַדור.
דיין לעבן איז דאָ הפקר.
אָבער שטאַרבן — שטאַרבן איז דאָ גוט!
קיין לאַנד אין דער וועלט גיט נישט אירע איינוואוינער אַזעלכע
פיינע קאָנדיציעס צום שטאַרבן.
דאָס גאַנצע אַמעריקאַניש-יידישע עמיגראַנטן-לעבן — איז איין
גרויסער בית-עולם.
אונזער גאַנץ קהליש טומלען זיך — איין ריזן-שטיק „קרקע".
ברייט-בית-עולמדיק זענען דאָ אונזערע יידעלעך.
יעדער איז שטענדיק גרייט דיך צו באַגראָבן, אויסצוזוכן פאַר
דיר אַ שטיקעלע פּלאַץ.
אוי, די קרקע-גוטסקייט און די בית-עולם-ברייטוויליקייט, ווי זי
דערוואַרעמט מיין נשמה!
יעדע חברה האָט דאָ קרקע און קריגט זיך פאַר קרקע.
קראַנקן-בענעפיט — דאָס איז דער אַריינגאַנג צום בית-עולם.
די סטראַכיר-פּאַפּירן — דאָס זענען די אָנזאָגער פון בית-עולם-
גליק.
אוי, דאָס שטאַרבן, ווי גוט עס איז איינגעאָרדנט דאָ!
וואו איז אונזער לעבן? — פרעגט פּאַמפּאַדור —
דאָס לעבן אויסערן בית-עולם.
די בלוט-אינטערעסן אויסער די טויט-אינטערעסן?
זאָגט מיר, פריינט מיינע, וואָס האָט איר געטאָן מיטן לעבן דאָ?
ביליק! ביליק! — רופט דאָ יעדער בית-עולם-געשעפט!
יידעלעך, קויפט קרקע ביליק און גוט! אַ מציאה! קויפט, קויפט!
און דער מסחר מיט קרקע וואַקסט, בליט און שטייט שוין ביי
היינטיקן טאָג פיל בעסער, ווי הערינג- און קליידער-געשעפטן.
אוי, דער מסחר מיטן טויט, ווי ס'וואַרעמט מיין נשמה! דאָס
איז די לעבעדיקע טעטיקייט פון אונזערע עמיגראַנטן. יעדע חברה
קויפט קרקע און וואַרט ביז זי וועט שטייגן אין איר טויטן ווערט.
וואָס גרעסער די חברה, אַלץ גרעסער איז איר בית-עולם.
נעמט אַוועק די דיסקוסיעס און מחלוקת וועגן קרקע, מצבות

און סטראַכיר-געלטער פון אונזערע חברה-מיטינגען, און עס בלייבט גאָרנישט מיט גאָרנישט...

תלמידים! לעבט ווייט פון דער איסט-סייד, פאַראַכט זי, נאָר שטאַרבן קומט אַהער.

דאָ איז דער בעסטער פּלאַץ צו שטאַרבן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן יובילייס און יוביליארן.

און די תלמידים האָבן איינמאָל געטראָפן פּאָמפּאַדורן, האַלטנדיק אַן איינלאַדונג צו אַ יובילײ פון אַ באַרימטן שריפטשטעלער. און די תלמידים האָבן געפרעגט פּאָמפּאַדורן, ווען וועט ער שוין אויך זיין אַ יוביליאר?

און פּאָמפּאַדור האָט אַ שמייכל געטאָן און אַזוי געזאָגט:

תלמידים! איך וויל נאָך לעבן! און וואָס איז אַ יובילײ-קאָמיטעט, אויב נישט אַ חברה-קדישא? און וואָס איז אַ יוביליאַר אויב נישט אַ בר-מינן אין שוואַרצן?

פּאָמפּאַדור האַלט נישט פון יובילייס, נישט פון פינף און צוואנציק-יערלעכע, און נישט פון פופציק-יערלעכע.

פייערן אַ יובילײ — הייסט מאַכן אַ סך-הכל, און צו וואָס זיך פירן צו באַנקראָט?

פייערן אַ יובילײ — הייסט אויסהערן שבחים און לויב-געזאַנגען פאַר אייער פאַרגאַנגענהייט, און וואָס זענען שבחים און לויבגעזאַנגען פאַר אייער פאַרגאַנגענהייט, אויב נישט פריצייטיקע הספדים!

פייערן אַ יובילײ — הייסט צוועקשטעלן פרייזן אויף אייערע געפילן און געדאַנקען, און צו וואָס מאַכן פון אייער נשמה אַ ליצי-טאַציע?

פּאָמפּאַדור האַלט פון אייביק יונג זיין, פון אייביק שעפעריש זיין, און אַ יובילײ איז אַן אַטעסטאַט אויף אויסגעשפּילטקייט.

דערהויפּט האָט פּאָמפּאַדור נישט ליב די יובילייפייערונגען אויף אונזער גאַס.

אַ יובילײ אויף אונזער גאַס הײסט פּראַווען אַ בר־מצווה־צערע־מאָניע.

מען פּראַוועט עס פאַר יעדן זכר.

בײ אונז איז אַ יובילײפײערונג שוין באַלד קײן כּבוד נישט.

אַ כּבוד וואָלט עס געווען, ווען מען מאַכט עס אײנעם אין אַ דור, בײ אונז אָבער מאַכט מען יובילײס יעדן אײנעם, צי האָט דער אײנער געדראָשן שטרוי אַ האַלבן יאָרהונדערט, צי האָט ער געקליבן פּערל, צי האָט דער אײנער געשעפּן מיט בלוט, צי האָט ער געגאָסן וואַסער...

אַלע, אַלע קריגן בײ אונז יובילײס!

דער עיקר, תּלמידים מײנע, זוכט מען בײ אונז ימים־טובימלעך, כּדי אויסצופּיקן די פּוסטקײט פון דער נשמה און צו פאַרטרײבן די נודנעקײט.

און די ימים־טובימלעך האָבן אויך געקענט זײן לוויות... נאָר וואָס טוט מען, אַז די גרויסע ווילן אַזוי נישט שטאַרבן, און אַז אַ לוויה־יום־טובל מאַכט זיך אײנמאָל אין אַ שמיטה?

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײלע פאַרטראַכט און װײטער גערעדט:

תּלמידים! ווען איך בין אַ ײדישער יובילאַר, וואָלט איך אַנטלאָפן פון שטאָט, לכל־הפּחות, אַ חודש פאַרן יובילײ און צוויי חדשים נאָכן יובילײ.

ווײסט איר, וויפל אַ יובילאַר דאַרף בײ אונז אויסשטײן פון זײנע פּײניקער?

האָט איר גאָר אַ באַגריף, וויפל נאַרישע רײד עס ווערן געוואָרפן אים אין פּנים אַרײן? וויפל מיאוסע וויצן עס ווערן אויף אים געזאָגט אינדערשטיל?

זענט איר אַמאָל געווען בײ אַ יובילײפײערונג?

האָט אײך די צערעמאָניע נישט אויסגעקוקט, ווי אַן איבערבלײב פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע?

האָט נישט פון יעדער רעדע אַרויסגעקוקט די גרויס־אינקוויזיטאָרישע אַרבעט פון די רעדנער?

פּאָמפּאַדור איז אויף זײן לעבן שוין געווען אויף אַ סך יובילײ־פײערונגען, געזען אַ סך יובילאַרן, און ער זאָגט, אַז ער האָט נאָך

קיינמאָל נישט געזען אַ מענטשן געפּייניקטער, ווי אַ יובּיליאַר אויף דער בינע.

תּלמידים! פּאַמפּאַדור וויל נישט קיין יובּילייען.

פּאַמפּאַדורס כּבוד איז וואָס ווייטער פון כּבוד.

ווען פּאַמפּאַדור איז אַ יובּיליאַר, וואָלט ער אַזוי געזאָגט צו זיינע פאַרערער און יובּיליי-מאַכער: ברידער! אויב איר שעצט מיך באמת, באַזאָרגט מיך, אַז אַ טאָג נאָכן יובּיליי זאָל איך נישט דאַרפן פאַרזעצן מיינע לאָרבערקרענץ אין אַ לאָמבאַרד, ווען אפילו דער לאָמבאַרד איז אַ רעדאַקציע פון אַ טעגלעכער צייטונג.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן אפּלאָדיסמענטן און פּוסטע קעפּ.

און פּאַמפּאַדור איז געגאַנגען אין אַ איסט-סיידער טעאַטער, ווו מען האָט געשפּילט „האָפּ-האָפּ", און די מאַסע האָט אַפּלאָדירט — און צעברענט האָט זיך זיין ליבע צו דער מאַסע, און ער האָט זיך געשטעלט אויף אַ שטול און האָט אַזוי גערופן:

אָ, מאַסע, ווי ליב איך האָב דיך! ווי שיין דו ביזט אין דער ראָלע פון אַ קונסט-אָפּשאַצעריין!

ווי ליב איך האָב דיך, ווען דו גיסט אויס דיין גאַנצע פּוסטקייט אין אַפּלאָדיסמענטן!

אַפּלאָדיסמענטן — דאָס זענען דער סך-הכּל פון דעם קלינג-קלאַנג פון צוויי נאַרישע לאַפּעס, וואָס באַהעפטן זיך צוזאַמען.

אַפּלאָדיסמענטן — דאָס זענען לייטערס: נישט איין קליין מענטשעלע האָבן זיי גרויס געמאַכט.

אַפּלאָדיסמענטן — דאָס איז דער פּיעדעסטאַל פון דער געטין „שונד"!

ווען גאָט האָט באַשאַפן פּוסטע לעקטאָרס, פּורים-אַקטיאָרן און מוזיק-האָל-טענצער און האָט זיי צעטיילט אויף דער וועלט, האָט ער זיך פאַרקלערט, מיט וואָס זיי צו באַלוינען פאַר זייער געטלעכער אַרבעט. האָט ער אַרויסגעריסן אַ קנעפּל פון זיין קאַמזויל און אַ וואָרף

געטאָן אויף אַ שטיק לײַם — און ס'איז געבוירן געוואָרן אַ מענטש מיט אַ קלײן קעפּעלע, וואָס אַפּלאָדירט און שרײַט „ביס".

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור און איז אַנטרונען פון טעאַטער.

## וועגן אמעריקאניש-יידישן גאט.

און פּאָמפּאַדור האָט ערב ימים-נוראים געבלאָנדזשעט איבער די גאַסן פון דער איסט-סײַד, כדי צו פּאַגגען די בליקן פון די שײנע ערדישע טעכטער. און פּאָמפּאַדור האָט געזען: כמעט בײַ יעדער שטאָל און בײַ יעדן קינאָ זיצן יידן אַרום טישלעך מיט אויסגע-לײגטע בילעטן, און זיי רופן די פאַרבײַגײער צו קויפן שולפּלעצער. און פּאָמפּאַדור איז אַרײַנגעפּאַלן אין גרויס באַגײַסטערונג. און קומענ-דיק אַהײם, האָט ער צו זײַנע תלמידים אַזוי געזאָגט:

תלמידים, מיר געפעלט די יידישקײט אין אַמעריקע.

און די תלמידים האָבן זיך זײער פאַרוואונדערט און געפרעגט: וויאַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז פּאָמפּאַדורן זאָל געפעלן אַ זאַך, וואָס ליגט אין מאַרק?

און פּאָמפּאַדור האָט אַ שמײכל געטאָן און אַזוי געזאָגט:

יידישקײט אין אַמעריקע הײסט — קויף אַ בילעט און זע גאָט! יידישקײט אין אַמעריקע — איז אַ געשעפט, ווי אַלע געשעפטן, און איך האָב רעספּעקט פאַר געשעפטלײַט.

אַמעריקע איז אַ לאַנד פון ביזנעס. ווילסטו אויסבעטן בײַ גאָט אַ גוט יאָר — באַצאָל! — דאָס איז לאָגיש און געשעפטסמעסיק.

ווילסטו האָבן פאַרגעניגן און הערן אַ גוטן חזן — באַצאָל! קײן פאַרגעניגן קריגט מען נישט אומזיסט! — און דאָס איז קאָנזעקווענט.

איר האַלט אַוודאי, אַז בעטן צו גאָט מעג יעדער אײנער? איך האַלט נישט דערפון!

בעטן צום אַמעריקאַנער גאָט מעגן נאָר די, וואָס צאָלן...

דער אַמעריקאַנער יידישער גאָט איז אַן אַדוואָקאַט, וואָס נעמט זיך אָן נאָר פאַר דעם, וואָס באַצאָלט.

פאַמפּאַדורן געפעלט אויך שטאַרק דער בילעטן-האַנדל פאַר די טויערן פון אונזערע שולן און שולעכלעך ערב ימים-נוראים.

ווייל פאַמפאַדור פרעגט:

פאַרוואָס זאָל מען אין וואָדעוויל-הויז קענען אַריינקומען נאָר פאַר געלט, און אין אַמעריקאַנער גאָטס הויז אָן געלט?

און בפרט, ווען דאָס אַמעריקאַנער גאָטס הויז איז דאָסזעלבע וואָדעוויל-הויז?

פאַמפאַדור האַלט נישט פון אָן אָפענער שול פאַר אַלעמען.

פאַמפאַדור איז פאַר אַ פאַרשלאָסענער שול. אַ פאַרשלאָסענע שול הייסט טייער האַלטן גאָט; יעדע זאַך, וואָס איז טייער, האַלט מען אונטער אַ שלאָס.

אַ פאַרשלאָסענע שול — דאָס הייסט דערוויטערן גאָט פון אַלערליי קבצנים, וועלכע קומען אים דולן אַ קאָפּ מיט קליינקייטן. ביי גאָט דאַרף מען בלויז בעטן גרויסע זאַכן. בעטן ביי גאָט איז, ווי לייען אַ גמילות-חסד: מען מוז פאָדערן אַ גרויסע סומע, כדי כאָטש עפעס צו קריגן...

און מער פון אַלץ געפעלן פאַמפאַדורן די ימים-נוראימדיקע דאַווענער אונזערע.

פאַמפאַדור האַלט פאַר די בעסטע גאָטבעטער נאָר די, וואָס קומען אַ פאַר מאָל אין יאָר אין שול אַריין.

קומען אַ פאַר מאָל אין יאָר אין שול אַריין — הייסט זיין אַ גוטער געשעפטסמאַן. אָפּנאַרן גאָט, אַרויסקריגן פון אים אַלץ, וואָס איך ווינטש, פאַר אַ קלייניקייט, האַנדלען אַ מציאה ביי דעם הערשער פון אַלע וועלטן, — און ווער האָט עס נישט ליב קיין מציאות?

דער אמתער יידישער גאָט איז נישט אין אַמעריקע. דעם אמתן יידישן גאָט האָבן מיר, ווי מיר האָבן טאַטע-מאַמע, אויף יענער זייט ים. און דאָ איז אונזער גאָט — דער גאָט „ביזנעס".

אַזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

און ס'איז געווען אין דער צייט, ווען יידישע שרייבער זענען ארויס אין א שטרייק פאר דער אנערקענונג פון זייער יוניע. און פאמפאדור איז באגייסטערט געוואָרן און האט אויסגערופן:

זאל לעבן די יוניע פון שרייבער!

גרויס איז די קונסט פון שרייבן, אָבער נאָך גרעסער איז די קונסט פון מאכן א לעבן!

פארייניקט זיך, איר אלע פעדערברעכער, טינטפארגיסער און פאפיר-אויסברענגער!

א יוניע פון שרייבער הייסט—דאָס אבסאָלוטע אָפשאפן פון קנאה צווישן שרייבער, און קנאה איז דאָס בריקל, וואָס פירט צום גראדן וועג פון ק ו נ ס ט און ה ו נ ג ע ר...

א יוניע פון שרייבער הייסט: שרייבן תּנאים מיט דער געטין פון קונסט, אנשטאט ראָמאנסירן, הייסט, — טאָן א ש י ד ו ך אנשטאט ליבן זיך.

היינט איז א וועלט פון ארבעט און דאָלאר-שפאָרעניש!

הויכע שכירות און קורצע שעהן — דאָס איז דער העכסטער אידעאל פון אונזער צייט.

סטאָליארעס און שרייבער, שטעלט זיך אלע אין איין שורה און קעמפט פאר איין זאך!

האק און פען, גיט זיך די הענט און גייט אלע גלייך אין מארק ארייין!

ווי שיין דאָס איז! — רופט אויס פאָמפאדור.

נידער מיט דער נארישער צייט, ווען שרייבער זענען געשלאָפן אויף דער הוילער ערד און געריסן די נעזער צום הימל, נישט געגעסן טעג און וואָכן און געווען זאט אויפן חשבון פון גייסט.

אליץ מוז זיין וואָכעדיק, איינפאך און געשעפטסמעסיק פאר דעם נייעם מענטשן.

דאָס פאָלק פון דער צוקונפט וויל זען זיינע שאפער מיט געזונטע מאָגנס, רויטע באקן און בלאסע נשמות.

דאָס פאָלק פון דער צוקונפט וויל נישט מער קיין הייליקייט, קיין קדשי-קדשים פון גייסט, קיין פרוכת איבערן ארון פון קונסט, עס וויל, דער שרייבער זאל זיין צוזי וואָכעדיק, ווי עס איז אליין!

פרעסע, איך דאַנק דיר! נאָר דו האָסט אויפגעדעקט דעם שיי-נעם סוד פון שאַפן, ווי דו האָסט אויפגעדעקט די סודות פון שלאָפ-צימער און אַנטפּלעקט די געהיימנישן פון פאַמיליען-לעבן און ליבע!..

פרעסע, איך דאַנק דיר! גלייך ווי גרויס-קאַפּיטאַל, אַזוי האָסטו אויך אויסגעטאָן דעם קינסטלער זיינע כהן-גדול-בגדים און אים אָנגע-טאָן אין פראַסטע אַרבעטקליידער.

און נאָכאַמאָל רוף איך: זאָל לעבן די יוניע!

הויכע שכירות אַנשטאַט הויכע געדאַנקען; קורצע שעהן אַנשטאַט פּרינציפּן. דאָס איז, תּלמידים מיינע, פיל קלוגער, שענער, און דער עיקר, פּראַקטישער.

שרייבער, בענקט נישט נאָך דער מוזע!

ווילט איר וויסן, וואָס זי איז? אַ קלוגער רעדאַקטאָר האָט זי אומגעבראַכט, אָדער זי ליגט ערגעץ פאַרזעצט אין דעם לאָמבאַרד פון שונד און וואַרט, ביז אַ הונגעריקער דיכטער וועט קומען און זי אויסקויפן...

יוניע-שרייבער, בענקט נישט נאָך טאַלענט!

טאַלענט איז געווען אַמאָל, ווען שרייבער האָבן נישט געמאַכט קיין לעבן פון שרייבן.

טאַלענט איז געווען אַמאָל, ווען מ׳האָט געאַרבעט מיטן האַרץ, אַנשטאַט מיטן זייגער אין האַנט...

זייט מבטל דעם אַמאָל, תּלמידים מיינע!

אַמאָל האָט מען געמאָסטן טאַלענט מיט גרויסע שאַפונגען — היינט מעסט מען אים מיט גרויסע שכירות.

אַמאָל האָט אַ שרייבער געאַרבעט אומזיסט און דאָס פאָלק האָט אים דערפאַר באַצאָלט מיט שטיינער — היינט וועט ער בלויז דאַרפן צאָלן זיין שטייער דער יוניע און וועט זיין פאַרזאָרגט מיט אַ יוביליי...

דער צוקונפט-מענטש איז קלוג. ער וועט שוין מער נישט קוקן אויף אַ שרייבער, ווי אויף אַן אויסדערוויילטן פון גאָט, נאָר ווי אויף אַ מאַן, וואָס אַרבעט, שוויצט, שטרייקט און קריגט באַצאָלט.

און נישט ווייט איז די צייט, — זאָגט פּאָמפּאַדור, — ווען אַ דיכ-טער וועט נישט וועלן קוקן אויפן הימל — ווייל דער הימל איז נישט יוניאָניזירט...

און פּסול וועלן זיין זון, לבנה און שטערן אין זיינע יוניאָ-

ניסטישע אויגן, ווייל זיי האָבן נישט אויף זיך קיין יוניע-חתימה.
די יוניע וועט באַהערשן די וועלט!..

אַלע וועלן אַרבעטן נאָך איין פאַסאָן און נאָך איין שניט.
און דער שרייבער, וואָס וועט וועלן שאַפן אַליין, אָן אַ יוניע, וועט מוזן אויסקריצן זיינע ווערק אויפן שטיין פון זיין מצבה...

„אַלע גלייך! אַלע גלייך! קיין יחוס זאָל נישט זיין, און קיין גאונים אוודאי נישט!" — רופט דער יוניע-גייסט.

און וועט אַמאָל נאָך געבוירן ווערן אַ גאון, וועט מען אים ברענגען אין אַ יידישער רעדאַקציע און אים לאָזן בלויז איין בליק טאָן אין די אויגן פון דעם בייס-רעדאַקטאָר, און ער וועט ווערן ווי אַלע...

יונגע שרייבער, אַרבעט פאַר דער יוניע!

תלמידים מיינע, ווערט באַגייסטערט! ווען אייער מוזע וועט אַרבעטן אויבער-שעהן, וועט מען אייך צאָלן טאָפּל.

שרייבער, איר ווילט עסן? — גייט אין דער יוניע!
אַזוי האָט גערעדט פאָמפּאַדור!

**חעגן געסט און באַנקעטן.**

ווי גוט עס איז צו זיין אַ גאַסט ביי אונז אין לאַנד, מיין פריינט! — האָט געזאָגט פאָמפּאַדור.

ווי גוט עס איז צו זיין אַ גאַסט אויף דער איסט-סייד! ווי שיין מען נעמט דיך דאָ אויף, ווען דו קומסט מעבר ים!

אַ גאַסט — דאָס איז אַ פרייער פאַספּאָרט צום קעניגרייך פון עם-הארצות.

דער עבר-לים — דאָס איז אַ קרוין אויף דעם קאָפּ פון אונזערע אייראָפּעישע גדולים.

האָסט נישט קיין נאָמען — וועט מען דיר געבן.
ווילסט אַ טיטל — וועסטו קריגן פון די שענסטע.
ווייסט נישט דיין געבורט-פלאַץ — וועלן זיי דיר אים אויסזוכן.
קענסט נישט דיינע עלטערן — וועלן זיי דיך באַקענען.

איז נאָך נישטאָ אויף דער וו ל.ז דער אוניווערזיטעט, וואָס דו האָסט געענדיקט — וועלן זיי דיר אים גרינדן.
האָסט אַ ציגן-באָרד — וועלן זיי פון איר מאַכן אַ הערצל-באָרד.
אַפילו אַ בראָדעווקע וועלן זיי דיר באַזינגען.
צי ווייסטו פון אונזערע צייטונג-קעפּ? צי האָסטו געהערט פון אונדזערע באַגריסונג-אָווינטן און באַנקעטן? היינט די אינטערוויוס?
דאָס בעסטע לאַנד פאַר געסט איז די איסט-סאַיד — זאָגט פּאָמפּאַדור.
דאָס איז אַ שטיקל לאַנד, וואָס הונגערט אַזוי נאָך גדולים, וואָס נויגט איר נאַקן פאַר יעדן פרעמדן גאַרנישט, וואָס קושט דאָס בלעכענע קנעפּל פון אַ פרעמדן רעקל. דאָס איז אַ שטיקל לאַנד, וואָס לעבט אויף סענסאַציעס, טומל און הורא-געשרייען.
איך האָב דיך ליב, ברייטהאַרציקע הכנסת-אורחימדיקע איסט-סייד!.. ווי שיין עס איז צו קוקן, ווי ס'קלאַפּן יעדן טאָג גדולימלעך אין דיינע טויערן... ווי ס'באַזינגען זיי די צייטונגען... ווי ס'ווערן פּוסט די הערצער נאָך זייער קומען...
אויב קיינער האָט פון דיר נישט געוואוסט אינדערהיים און דו ווילסט כבוד — קום צו אונז!
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן העברעיש און יידיש.

און עס איז געווען אין איינעם פון די הייסע זומעראָווונטן, ווען מען קאָכט זיך און מען דעבאַטירט הייס, און געוויינלעך וועגן העברעיש און יידיש, און פּאָמפּאַדור האָט אַלעמען אויסגעהערט, און האָט אַזוי געזאָגט:
תלמידים, ווי גוט עס איז צו געהערן צום יידישן פאָלק!
געהערן צום יידישן פאָלק — הייסט שטענדיק דעבאַטירן.
געהערן צום יידישן פאָלק — הייסט זיין אַן אייגנטימער פון צוויי שפראַכן.
ווי געקריוודעט עס זענען די גויים: די פראַנצויזן, די ענג-

לענדער, די דייטשן און די רוסן — זיי פאַרמאָגן נישט מער ווי איין שפּראַך און האָבן נישט פּאַרוואָס צו קעמפן אין קנייפּעס און מילכיקע רעסטאָראַנען.

אוי, אונזער שפּראַכן-עשירות, ווי אָרעם עס מאַכט אונז!

האָבן איין שפּראַך — דאָס איז דער סימן פון נשמה-גאַנצקייט און באָדן-פעסטקייט פון אַ פאָלק.

האָבן איין שפּראַך — דאָס באַדייט, אַז איך בין אַליין אַ באַלעבאָס אויף זיך. און צו וואָס דאַרפן מיר עס?

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און נאָכדעם ווייטער גערעדט:

תּלמידים! ווי נאַריש און אומזיסט ס'איז אונזער גאַנצע מחלוקת, גאַל-עסעניש און צייט-מערדער פון אונזערע שפּראַכן-קריגער.

העברעיש — דאָס איז די קרוין אויף אונזער יחוס-קאָפּ — זאָגן די העברעיסטן.

יידיש — דאָס איז דער גאַרטל אויף אונזערע גלות-לענדן — זאָגן די יידישיסטן.

בטלניש! פּאָמפּאַדור זעט דאָ, אין גלות, נישט קיין העברעיש-און-יידיש-פראַגע, נאָר אַ פּרנסה-פראַגע.

פּאָמפּאַדור זאָגט צום העברעער: חבר העברעער, מאַכסטו אַ לעבן פון העברעיש, מעגסטו טענהן: העברעיש איז אונזער בת-יחידה, אונזער אויג אין קאָפּ, אונזער זון און אונזער לבנה.

פּאָמפּאַדור זאָגט צום יידישיסט: ברודער יידישיסט, מאַכסטו אַ לעבן פון יידיש, מעגסטו טענהן: יידיש איז אונזער מוטערשפּראַך, אונזער לעבנסקוואַל, אונזער וואַנדערשטעקן, אונזער קעגנוואַרט און אונזער צוקונפט.

און צו די, וואָס מאַכן אַ לעבן פון ביידע שפּראַכן, זאָגט פּאָמפּאַדור אַזוי:

פּרייַנט, אַזויווי איר מאַכט אַ לעבן פון ביידע שפּראַכן, זייט באַגייסטערט פון ביידע...

דער עיקר איז היינט נאָר דאָס לעבן-מאַכערייַ.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

איך האָב ליב די, וואָס פאַרקויפן צייטונגען, מער פון די, וואָס גיבן אַרויס צייטונגען, — האָט געזאָגט פּאַמפּאַדור.

אַ צייטונג־פאַרקויפער — דאָס איז דער אייביק נייער רופער צו נייקייטן, דער אייביק יונגער הארצצאַפּל פאַר דעם געדרוקטן וואָרט. אַ יונגער צייטונג־פאַרקויפער איז די אמתע יונגע שטים פון פאָלק.

א צייטונג־פאַרקויפער — דאָס איז דער איינציקער מענטש, וואָס וועקט די מענטשן צו פאַרשטיין אַ וועלט, וואָס לאָזט אַפילו נישט שלאָפן אינמיטן נאַכט.

מענטשן שלאָפן צופיל — און געבענטשט זאָלן זיין די, וואָס וועקן.

תלמידים מיינע!

איך האָב ליב די קליינע צייטונג־פאַרקויפער בעסער ווי די גרויסע אידעאַלן־פאַרקויפער.

האָט איר געזען אַ קינד לויפן מיט צייטונגען ערשט פון דרוק? מיינט איר, אַז דאָס איז דער סענט, וואָס טרייבט אים?

ניין! גרעסער פון דעם שטרעבן רייך צו ווערן איז דער חשק צו פלייסן זיך און געווינען מער צייט.

און געווינען — דאָס איז יוגנט.

אָ, ווען אונזערע לייטאַרטיקל־שרייבער, דיכטער און פּעליעטאָניסטן פון רעדאַקציע וואָלטן פאַרמאָגט אין זייער נשמה כאָטש איין פּראָצענט פון דעם פייער, וואָס אַ יונגער צייטונג־פאַרקויפער האָט ביים לויפן מיט די צייטונגען, וואָלט די וועלט פול געווען מיט אידעאַליזם און גלויבן.

תלמידים מיינע, נישטאָ היינט קיין גרויסע נביאים, וואָס דאָס פאָלק זאָל צוהערן זייער וואָרט, פאַרנעמען זייער שטים. זייער פּלאַץ פאַרטרעטן היינט די קליינע צייטונג־יינגלעך, וואָס צו זייערע אויסגעשרייען נויגט דאָס פאָלק נאָך צו דעם אויער.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

און איינמאָל, אום שמחת-תורה, האָט פּאַמפּאַדור גענומען אַ ביסל משקה, און ער האָט צו זיינע תּלמידים אַזוי געזאָגט:

ברידער מיינע! היינט איז שמחת-תּורה, וויל איך צו אייך רעדן וועגן קרעמער און קרעמערלעך.

ברידער מיינע! אונזער פאָלק איז אַ פאָלק פון קרעמער. דער גייסט פון אונזער פאָלק איז אַ קרעמערישער.

קיין פאָלק פאַרמאָגט נישט אַזויפיל קרעמער און קרעמערלעך, ווי דאָס יידישע... ביי אונז איז יעדעס הויז אַ נעסט פון קראָמען, אַנישט שטייט מען פאַרן הויז מיט אַ שטופּ-וועגעלע.

קרעמעריי — דאָס איז דאָס חן-פּינטל אויף אונזער גלות-צורה, די מעדאַל פאַר אונזער וואַנדער-אויסצייכענונג.

אַ שטופּ-וועגעלע — דאָס איז דער איבערגאַנג-וועג צו אַ קראָם, דער אַדערויף צום גאָט פון גליק אויף אַ קראָם.

ביי אונז, ווען אַ פּאָרפאָלק האָט חתונה, טראַכט עס גלייך פון אַ קרעמל. דער זיסטער אידעאַל פון אַן אַרבעטער איז אַ קאָנפעקטן-קרעמל.

און איידער מען האָט נאָך די חופּה-שטאַנגען צוזאַמענגעלייגט, ליגט שוין דער קאָפּ אין אַ סאָדאַ-וואַסער-געשטעלכל.

האָבן אַן אייגענעם „שטיין" אין אַ קאָנפעקטן-קרעמל — דאָס איז דער ווינקלשטיין פון אונזערע יונגפאָרלדיקע שטרעבונגען.

פאַרמאָגן אַ ציגאַר-קראָם — דאָס איז די וואָל-וואָרט-גע-בײדע פון אונזערע ווונטשן און גליק אידעאַלן.

און קוקט אַ יידישער אַרבעטער אין זיין פרייהייט-שעה אַרויס אין גאַס, דענקט ער נישט פון הימל, גראָז און פייגלגעזאַנג, נאָר זיין אויער פאַרנעמט דעם קרעמער-רוף און זיין אויג פאַלט אויף די שיינע געשטעלן און געשטעלכלעך, און אַ זיפץ שפאַלט דורך די ביזנעס-לופט און שלאָגט זיך אָן אָן דעם פייער-לייטער: גאָט, ווי דערלעבט מען שוין די צייט צו האָבן אַזאַ ביזנעסל!..

די גוים האָבן סוחרים, מיר — קרעמער. די גוים האָבן קונים, מיר—דינג-נפשות.

אוי, דאָס דינגען זיך, דאָס דינגען זיך! איז דאָס נישט דער

סך-הכּל פון אונזער קרעמער-גייסט? איז דאָס נישט דער רעזולטאַט פון אונזער אַרבל-שלעפּעניש און פּאָלע-ציעניש?

מיר זענען קרעמער, קינדער פון קרעמער!

און ווי איז דיר, מיין פריינט, אויב ס'איז דיר פרעמד די תורה פון אַרבל-ציעניש! דיין סחורה וועט ביי דיר צעפוילט ווערן און דו וועסט גיין באַנקראָט!

אויך אונזערע אידעענטרעגער, תורה-פאַרשפּרייטער, פאָלקספאַר-זאָרגער און טאָנגעבער זענען קרעמער.

יעדע צייטונג — איז ביי אונז אַ קרעמל, יעדע אינסטיטוציע — אַ קרעמל. יעדע יוניע — אַ קרעמל. יעדער פאַריין — אַ קרעמל פון מיטגלידשטייער.

קרעמעריי — דאָס זענען אונזערע אַנאַרכיע-געדאַנקען, באַפרייונג-אידעען, כּל-ישראל-מאָטיוון, און אַפילו דער ציוניזם-אידעאַל.

איינער פאַרקויפט אַנאַרכיזם אויפן אונץ, דער צווייטער — גאָט אויפן וואָג, דער דריטער — סאָציאַליזם אויף דער קוואָרט, דער פערטער – יוניאָניזם אויפן אַרשין — און יעדער מאַכט דערפון קליינגעלט...

אוי, דאָס קליינגעלט-מאַכעריי! אָט דאָס ערגערט דאָך מיר טאַקע, וואָס מ'פאַרקויפט ביי אונז אַלץ בלויז פאַר קליינגעלט...

און דער קרעמער-גייסט הערשט אַפילו אין אונזער ליטעראַטור.

אונזערע אַרויסגעבער זענען קליינע קרעמער, אונזערע שרייבער — אָרעמע קרעמער.

און אונזערע קריטיקער זענען די שלעכט-באַצאָלטע פּאָלע-שלעפּער אין די ליטעראַטור-קרעמלעך.

און אַפילו אויך אונזערע דיכטער מוזן ביי אונז זיין קרעמער. אויך זיי וויקלן זען זייערע לידער אין בוכפאָרם.

ברידער, יידן, איר זענט גרויס אין קרעמעריי!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור!

תּלמידים! די גרעסטע מאַרטירער דאָ אין לאַנד זענען אויג און אויער.

אוי, ווי איך האָב אויף זיי רחמנות!

גייסט אַרויס אין גאַס און באַלד אַנטפּלעקט זיך פאַר דיר די גאַנצע שיינקייט פון מענטש און נאַטור.

וואו דו וואַרפסט אַ בליק — טריקנט זיך וועש.

און די וועש אויף דער ערד פאַרמאָגט מער קאָלירן, ווי דער רעגנבויגן אין הימל!

און וויל דיין אויג רוען, פאַלט עס אויף שטופּ-וועגעלעך מיט אַלטע צעפּרעסטע העמדער, פאַרשימלטע בילדער, פאַרזשאַווערטע טשוועקעס און פוילע עפּל...

און קומסטו אין הויז, איז אויך נישט בעסער: אַ טיש פול מיט באַנאַנען-שאָלעכץ און ציבעלעס, צעריסענע קאָרטן און שטיקלעך צייטונגען. און ליגסטו אויף דיין בעטל, שמייכלט צו דיר אַ שוואַרצע סטעליע, וואָס קען באַלד אַראָפּלאָזן אויף דיין קאָפּ.

דאָס אויג — עס איז דאָ דער אַרעסטאַנט פון דיין נשמה, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט פאַר דער געטין פון שיינקייט.

געוואַלד, פאַרוואָס זאָלן מענטשן וועלן מיאוס זיין!

זאָל גאָט פאַרגעבן פּאָמפּאַדורן, וויפל בלאָטיק-שוואַרצע האַלדז און נאַקנס ער זעט זיך דאָ אָן אין די הייסע זומערטעג.

נאָכאַמאָל: פאַרוואָס זאָלן מענטשן וועלן מיאוס זיין?

ריזנהיט אויף ליאַלקע-קעפּלעך.

גרויסע שיך אויף קליינע פיסלעך.

ווייסע קראַוואַטן אויף שוואַרצע העמדער.

לאַנגע האָר אויף דאַרע קערפּער.

אויגנגלעזער אויף נאָזלאָזע פּנימער.

אַלטע מיידן אין קורצע קליידלעך.

יונגע מיידלעך מיט בערג פּודער.

גלאַנציקע נעגל אויף שמוציקע פינגער.

היינט די טאַליעס!

און נישט בעסער אָפּ איז דאָ דער אויער.

גרילציקע טענער פון פּיאַנעס פון גאָרן צו גאָרן, שרייאיקע

רעדעס פון גאַסנרעדנער, הילכיקע קולות פון היימישע קאָנצערטן, משונהדיקע בראַזגערײַ פון טראַמווייען, ווילדע שטימען פון צעבראָכענע גראַמאָפאָנען, דאָס אייליקע קלינגערײַ פון טעלעפאָנען, דאָס רעווען פון די פייער־מאַשינען און דאָס פייפן פון די אויטאָמאָבילן...

אַמעריקע איז אַ מאָדנע לאַנד!

דאָ פאַרהייליקט מען די פיס און די הענט, מער ווי די אויגן און אויער׳ן.

וואָס מער קולות, אַלץ מער קולטור.

גאָט פון שטיין און אייזן! נעם אויף די אַלע מיאוסקייטן און קריך אויס פון דעם איין גרויסע עפּיטאַפּיע אויף דער מצבה פון דער פאַרשטאָרבענער געטין פון שיינקייט!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור!

###### וועגן יונג און אַלט.

תּלמידים! פּאָמפּאַדור איז שוין לאַנג אין אַמעריקע. ער האָט מיט פיל שווערע פּראָבלעמען שלום געמאַכט, נאָר די פּראָבלעם פון יונג און אַלט אין דער היגער יידישער ליטעראַטור שטייט פאַר אים, ווי אַ גרינער אינמיטן בראָדוויי.

תּלמידים, וואָס איז יונג?

יונג זיין אין לעבן הייסט — האָבן אַ גלאַטן שטערן, אַ יונג פּנים און יונגע אויגן.

און אויב ליטעראַטור איז לעבן, זענען אונזערע יונגע קיין יונגע נישט: צעקנייטשטע שטערנס, פאַרזויערטע פּנימער, ווי ביי פאַרזעסענע מיידלעך — קענט איר עס אָנרופן יונג?

תּלמידים, וואָס איז אַלט?

אַלט זיין אין לעבן הייסט — זיין געבויגן אונטער דער משא פון שכל און דערפאַרונג. און אויב ליטעראַטור איז לעבן, זענען אונזערע אַלטע קיין אַלטע נישט!

פעטע, טעמפּע פּנימער, גלאַטע שטערנס, זאַטע באַנעמונג, — קענט איר עס אָנרופן אַלט?

יאָרן זענען טרעפּלעך צו דער אייביקייט; מיטלמעסיקע קלעטערן אויף די טרעפּלעך ביז זיי פּאַלן אין אָפּגרונט; טאַלענטפולע שטייגן און דערגרייכן ביז דער טיר פון אייביקייט און בלויז געניאַלע עפענען די טיר...

אָבער ביי אונז קלעטערט בלויז די מיטלמעסיקייט. יונג און אַלט —

אַ ליטעראַטור, וואָס האָט אַ סך יונגע — איז אַן אַלטע ליטעראַטור; אַ ליטעראַטור, וואָס האָט אַ סך אַלטע — איז אַ יונגע ליטעראַטור...

מיר האָבן ביידע נישט.

יונגקייט אַליין מאַכט נאָך נישט קיין טאַלענט; אַלטקייט אַליין מאַכט נאָך נישט קיין טאַלענט.

טאַלענט איז עפּעס, וואָס שוועבט איבער יונג און אַלט...

און ביי אונז קעניגט דאָ בלויז דער „נישט אַלט און נישט יונג".

אונזערע אמתע אַלטע קען מען אויף די פינגער אויסציילן... און ווייטער האָבן מיר בלויז קאַריקאַטורן פון אַלטע, אינוואַלידן אנשטאט קלאַסיקער...

אונזערע אמתע יונגע קען מען אויף די פינגער אויסציילן... און ווייטער האָבן מיר דאָ יינגלעך, אנשטאט יונגע, קאַווע-טרינקער, אנשטאט נייע ריכטונג-בויער...

ביי אונז איז נישטאָ קיין אָפּשאַצונג און קיין אָפּשאַצער. ביי אונז שאַצט יעדערער אָפּ זיך אַליין.

וואו איז דער וועג, די ריכטונג פון אונזערע יונגע? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

די אַלטע ווייסן כאָטש יעדן פרימאָרגן דעם וועג צו דער רעדאַקציע.

און די יונגע בלאָקאָיען זיך אַרום, זוכנדיק אַ דירה...

נישטאָ קיין יונג און אַלט ביי אונז! — רופט אויס פּאַמפּאַדור.

יונג און אַלט — דאָס זענען אויסגעטראַכטע זאַכן פון אַ נאָכמאַכער, וואָס האָט געוואָלט נאָכמאַכן די גוים.

די גוים האָבן יונגע און אַלטע, דאַרפן מיר זיי אויך האָבן.

איך בעט אייך, ווייזט מיר אָן די גרענעץ צווישן יונג און אַלט ביי אונז!

די אַלטע פאָדערן גאָרנישט און גיבן גאָרנישט און די יונגע רעדן וועגן אַלץ און גיבן דעמזעלבן גאָרנישט.

איז ליבע אַ סימן פון יונגקייט? — נישט ביי אונז!

פּאָמפּאַדור גלויבט אינגאַנצן נישט אין יידישער ליבע.

אַ פאָלק, וואָס האָט נישט קיין גראַפן און פּרינצן, העלדן און ריטער, אָפיצירן און ראָמאַנען, שלעסער און פּאַלאַצן, קען נישט ליבן...

אונזער ליבע איז דאָס רוב אַ צעשטערטער שידוך, אַ נישט-איינגעגעבענער מסחר פון אַ סאָדעוואַסער-קרעמל, אין בעסטן פאַל — אַ קרעכץ פון פאַבריק.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און נאָכדעם אזוי געזאָגט:

תלמידים! יאָ, איך ווייס, וואָס הייסט ביי אונז יונג און אַלט...

אַלט — זענען ביי אונז די, וואָס שרייבן און מאַכן אַ לעבן.

יונג — רופן זיך ביי אונז די, וואָס שרייבן און הונגערן.

האַלב יונג — הייסן ביי אונז די, וואָס שטייען מיט איין פוס אין אַ רעדאַקציע.

ווילט איר זיין אַ „יונגער"? — שרייבט לידער און טראָגט זיי אומזיסט אין די רעדאַקציעס...

ווילט איר זיין אַן „אַלטער"? קריגט אַ פּלאַץ אין אַ רעדאַקציע און נעמט שכירות...

און נאָך זאָג איך אייך:

יונג הייסן ביי אונז די, וואָס לעזן נישט די אַלטע; און אַלט הייסן ביי אונז די, וואָס לעזן נישט די יונגע...

און געוויזן האָט זיך אַ בייז פייערל אין פּאָמפּאַדורס אויגן און ער האָט אַזוי אויסגערופן:

תלמידים! רעדט מיר נישט פון יונג און אלט.

עפנט די אויגן און זעט, וואָס מיר האָבן!

אַ שאַפן — אין ענגע צימערן פון טענעמענט-הייזער.

זשורנאַלן — קורץ-אָטעמדיקע, יינגלשע.

אַטמאָספערע — אין סאָבוויי.

ליטעראַרישע שולן — מחלוקת און ציינקריצעניש.

היימען פאַר ליטעראַטור — קאַווע-טישלעך אין מילכיקע רעס-טאָראַנען.

לערער — יוניע-פירער און פינפדאָלאַרדיקע לעקציע-האַלטער.
רעדאַקציעס — נבול-פה-נעסטן.
שטימונג — פעדלער-קולות...
הומאָר — ביי לוויות...
תלמידים! מיר האָבן גאָרנישט און דאָס איז אַלץ!
אַזוי האָט גערעדט פאָמפּאַדור.

חעגן פובליציסטיק און גניבה.

די גרינגסטע זאַך איז צו זיין אַ פובליציסט אין אַ יידישער טעגלעכער צייטונג. דו דאַרפסט בלויז קענען דעם סוד פון שרייבן יעדן טאָג.

ברייט זענען די וועגן פון פובליציסטיק פאַר אַ יידישן פובלי-ציסט. זיי שניידן דורך אַלע מדבריות און וויסטענישן פון אינהאַלט-לאָזיקייט.

טיף זענען די ימים פון וויסן אין אַ יידישער צייטונג. נאָר קורצזיכטיקע קענען זען דעם אָפּגרונט.

ווילסט ווערן אַ פובליציסט? — שלאָג זיך אַרויס פון קאָפּ אַלץ, וואָס דו האָסט געלערנט אין חדר, זעגן זיך אָפּ מיט דער לאָגיק — און שרייב! מאַך צו די אויגן — און שרייב! שרייב וועגן וואָל סטריט, אייביקע באַוועגונג, נאָרד-פאָל, לופטבאַלאָנען, קעץ און טראַכאָמע... אַ גוטער צייטונג-מענטש דאַרף שרייבן איבער אַלץ...

אונזערע לעזער זענען גוט, ווי קינדער, האָבן שכל, ווי צופּעלעך, און וועלן דיר אַלץ פאַרגעבן...

אונזערע לעזער גלויבן אויפן וואָרט.
אַזוי האָט גערעדט פאָמפּאַדור.

און ס'איז געװען אין סאַמע ברען פון די װאַלן. און די תּלמידים האָבן דערזען פּאַמפּאַדורן אויף אַ גאַסנמיטינג. און זיי האָבן אים מיט גרויס פאַרװאונדערונג געפרעגט: װי קומט פּאַמפּאַדור אַהער?

און פּאַמפּאַדור האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

תּלמידים! װאונדערט זיך נישט אויף אייער פּאַמפּאַדורן, װאָס ער קומט הערן גאַסנרעדנער.

פּאַמפּאַדור האַלט זייער פיל פון װאַלן. און נישט װייל ער גלויבט אין פּאָליטישער אַקציע, נישט װייל דער אָדער יענער קאַנדידאַט איז אים ליב — נאָר צוליב די װאַל־פאַרשפּרעכונגען.

און די תּלמידים האָבן נאָכמער פאַרװאונדערט אָנגעקוקט פּאַמפּאַדורן.

און פּאַמפּאַדור האָט אַזוי געזאָגט:

תּלמידים! פּאַמפּאַדור האָט ליב די װאַל־פאַרשפּרעכונגען, װייל נאָר אין די פאַרשפּרעכונגען זעט ער דעם גאַנצן זין פון אונזער לעבן.

װייל װאָס איז דאָס לעבן, אויב נישט אַ שטענדיקע װאַל־פאַרשפּרעכונג?

אויב נישט אַ צוזאָג, אַז שפּעטער װעט זיין שיין? אויב נישט אַ פאַרזיכערונג, אַז מאָרגן װעט זיין גוט? אויב נישט אַ װאַל־רעדע, װאָס איז געבויט אויף ליגן?

און פּאַמפּאַדור האָט פאַרדריקט די ליפּן און איז אַנטשװיגן געװאָרן. אָבער די תּלמידים האָבן אים געבעטן, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן.

און פּאַמפּאַדור האָט נאָך אַ װיילע טראַכטן געזאָגט:

תּלמידים מיינע, װילט איר פּאָלגן פּאַמפּאַדורן? — גלויבט אין די פאַרשפּרעכונגען פון אלע קאַנדידאַטן, און אונטערשטיצט דװקא דעם גרעסטן צוזאָגער.

װייל נאָר אין גלויבן ליגט דער סוד פון אונזער עקזיסטענץ...

און זאָל אייך נישט אַרן, װאָס אַלע פאַרשפּרעכונגען װערן אַ טאָג נאָכן קאַמפּיין צו גאָרנישט, גייען אַװעק צוזאַמען מיט דעם געקלאַפּ פון די פויקן און לעשן זיך אויס אינאיינעם מיט די פונקען פון די פייערװערק...

זאָל עס אייך נישט אָרן!

אַ פּאַרשפּרעכן, וואָס ווערט נישט בטל, איז קיין פּאַרשפּרעכן נישט...

אַ פּאַרשפּרעכן, וואָס איז קיין ליגן נישט, האָט נישט אין זיך די צויבערקראַפט צו באַגייסטערן מענטשן...

אַ וואַל-פּאַרשפּרעכן איז פּאָעזיע. און ווער פאָדערט פון פּאָעזיע אמת?

אַ וואַל-פּאַרשפּרעכן איז שוים פון כוואַליעס, און וועלכער נאַר פאָדערט פון שוים, ער זאָל זיך לאַנג האַלטן?

און אין דער צייט, ווען פּאָמפּאַדור האָט אַזוי גערעדט צו זיינע תלמידים, האָט אַ קאַנדידאַט געענדיקט זיין רעדע און פון אַלע זייטן האָט זיך צעטראָגן אַ דונערנדיקער הורא-געשריי.

און די תלמידים האָבן געזאָגט: זעט נאָר, ווי די אייזלען ווערן דאָס באַגייסטערט פון אַ ליגנערישער רעדע!

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אָנגערופן: תלמידים, לאַכט נישט אויס די באַגייסטערטע מאַסן, רופט זיי נישט אייזלען!

אייער פּאָמפּאַדור איז פאַר הורא-שרייער!

שרייען הורא — דאָס איז אָפּטימיזם, דאָס הייסט, צומאַכן די אויגן און זען גליקן... פאַרלירן דעם קאָפּ און נישט טראַכטן...

און נישט טראַכטן איז דער טייטש — גליק.

שרייען הורא — דאָס איז געזונט פאַרן פאָלק.

דאָס פאָלק איז ווי אַ פּיצל קינד: וואָס מער עס שרייט, אַלץ געזינטערע לונגען באַקומט עס...

איך האָב מיטלייד מיט די שטומע צוהערער, מיט די, וואָס פאַרשליסן די ליפּן און ווילן נישט באַגייסטערט ווערן פאַר גאָרנישט... מיט די, וואָס ווילן נישט גלויבן נישט דעם גאָט, וואָס זיצט אויפן הימל, נישט דעם קאַנדידאַט, וואָס „לויפט" אויף דער ערד, — דידאָזיקע מענטשן זענען די אומגליקלעכסטע, די אויסגעשפּילטסטע — ווי אין פּאָליטיק, אַזוי אויך אין לעבן.

תלמידים! פאָלגט אייער פּאָמפּאַדורן: שרייט הורא און איר וועט געפינען פרייד און גליק, ווייניקסטנס פאַר דער צייט, וואָס איר הערט די וואַל-רעדע.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור און האָט פאַרלאָזט דעם מיטינג.

### װעגן קאװע־קריטיקער און מאניאקן.

און פּאָמפּאַדור האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַן איסט־סײַדער קנײַפּע, און האָט זיך פאַרטיפט אין אַ גלאָז קאַװע. נאָר תּיכּף האָבן אים די אײַנװאױנער פון דער קנײַפּע דערקענט און אים געבעטן, ער זאָל עפּעס זאָגן, און ער האָט אַזױ געזאָגט:

קײן פאָלק איז אַזױ נישט געבענטשט מיט מבינים, װי דאָס פאָלק ישראל!

קײן געגנט פאַרמאָגט נישט אַזאַ גרױסע צאָל מאַניאַקן, װי די איסט־סײַד!

און קײן ליטעראַטור איז אַזױ נישט רײַך מיט קאַװע־מבינים, װי די אַמעריקאַניש־ייִדישע!

גרױס און מעכטיק איז די איסט־סײַד, און גרױס אין צאָל זענען אירע קנײַפּעס!

װילסטו װערן אַ קריטיקער? — באַזוך אַלע טאָג אַ קנײַפּע, פאַרלאָז זי נישט שפּעטער, װי פיר פאַרטאָג, טרינק, רעד, גענעץ, פּלאַפּל, זידל װעמען דיר פאַלט אײַן, דראַפּע זיך אויף די גלײַכע װענט, און דו ביזט אַ קריטיקער...

פון מבינות ביז קריטיק איז מײלן־װײַט; פון אַ קריטיקער ביז אַ מאַניאַק איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

בײַ אונז איז זיצן אין קנײַפּע דער סימבאָל פון קריטיק!

אַזױ האָט גערעדט פּאָמפּאַדור און האָט פאַרלאָזט די קנײַפּע.

### װעגן שטרײקן און ארבעטן.

ייִדן זענען אַ פאָלק פון שטרײַקער, זאָגט פּאָמפּאַדור.

שטרײַקן און מאַרשירן — דאָס איז דער סיאַמישער צװילינג פון אונזער גלות־מוטער.

ייִדישע קינדער האָבן נישט אַזױ ליב דעם שטרײַק, װי דאָס טומלען זיך פ אַ ר און נ אָ ך דעם שטרײַק.

יידן זענען נישט אַזוי פֿאַרליבט אין זיג, ווי אין דעם מַאַרש צום זיג...

ביי אונז הייסט שטרייקן—אָנצינדן זיך אַזוי שנעל, ווי אַ שוועבעלע, און פּונקט אַזוי שנעל אויסגעלאָשן ווערן.

אַ ייד וועט אייך בעסער אַרויסגיין פיר מאָל אַ חודש אין שטרייק, איידער איינמאָל אין אַ חודש צאָלן אין דער יוניע...

אַ ייד וועט גיכער שרייען הוראַ פֿאַרן שטרייק, איידער „זאָל לעבן די יוניע!" נאָכן שטרייק.

אַ ייד האָט ליב די מלאכה פון שטרייקן.

ער האָט דערוויילַ אַ געלעגנהייט צו באַרעדן און פֿאַרוואַרפֿן מיט בלאָטע די פירער זיינע.

דער פירער האָט אָפּגעלעקט אַ ביינדל פון שטרייק, יענער איז געוואָרן אַן עושר.

דאס יידישע פאָלק האָט אויך ליב שטרייקן, ווייל דאָס גיט אים אַ געלעגנהייט צו געבן נדבות. אַ ייד האָט ליב צו האָבן אויף עמעצן רחמנות.

אַ יוניע — דאָס איז דאָס שטיפקינד פון יידישן אַרבעטער: אָט נעמט ער עס אַריין אין זיין הויז און אָט טרייבט ער עס אַרויס...

אַ יידישער אַרבעטער — דאָס איז אַן אַרבעטער אויף דערווייל. דער שאַפּ איז ביי אים בלויז אַ צוגרייטונג-שולע פֿאַר אַ געשעפטל.

און אפשר האָט אַ ייד דערפֿאַר טאַקע נאָר ליב צו שטרייקן, ווייל אין דער צייט פון שטרייק קען ער זוכן אַ געשעפטל...

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

רעגן ציטאַטן און ציטאַטנשרייבער.

און די תלמידים האָבן איינמאָל געפרעגט פּאַמפּאַדורן מיט איראָניע, פֿאַרוואָס ער באַנוצט נישט קיין ציטאַטן אין זיינע אַרטיקלען און ער ווערט נישט וועלטבאַרימט ביי יידן, ווי אַנדערע.

און פּאָמפּאַדור האָט נישט לאַנג געטראַכט און געזאָגט: תּלמידים, לאָפט נישט פון ציטאַטן!

ציטאַטן — דאָס זענען אַ גליק פאַר אַ שרייבער. דאָס זענען שיינע קליידער, גענומען אויף באָרג, מיט וועלכע מען גייט אויף בעלער און באַנקעטן, מען שטאָלצירט ווי מיט אייגענע און מען נאַרט דעם עולם.

און נאַרן איז דאָך, נאָך אַלעמען, דער עיקר.

ציטאַטנשרייבער — זיי זענען אַזוי־וויי פּרויען פון ליטעראַטן, וואָס רעדן בלויז איבער די חכמות פון זייערע מענער...

ציטאַטנשרייבער — דאָס זענען ישיבה־בחורים, וואָס עסן טעג, היינט ביי דעם, און מאָרגן ביי יענעם.

און ווילט איר, תּלמידים מיינע, זיין שטרענגער, קען מען זאָגן:

ציטאַטן — דאָס זענען פאַר מאַנכע שרייבער הסכּמות אויף זייער אייגענער עם־הארצות, פרעמדע היטלען אויף צוצודעקן זייערע אייגענע ליטעראַרישע פּליכעס...

ווי איר קוקט דאָ אָן פּאָמפּאַדורן, איז ער אָפּט שטאַרק מקנא די ציטאַטנשרייבער.

אַ ציטאַטנשרייבער דאַרף נישט האָבן קיין טאַלענט, נאָר אַ גוטן זכּרון און אַ פלינקע האַנט צו פאַרבייגן בלעטער פון פרעמדע ביכער.

אַ שרייבער אָן ציטאַטן מוז דענקען, דערפאַר די קנייטשן אויפן שטערן און די זאָרג אויפן פּנים.

אַ שרייבער, וואָס שעפּט פון זיין אייגענעם ברונעם, מוז סוף כּל סוף אָנשעפּן פוסטע עמער. עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז דער ברונעם טריקנט אויס.

אַ ציטאַטנשרייבער קאָן אָבער שרייבן אייביק, און אייביק בלייבן פריש, יונג און געזונט. פרעמדע ברונעמער זענען דאָ אָן אַ צאָל... ער האָט נישט וואָס צו זאָרגן, אַ וועלט האָרעוועט פאַר אים מיט געדאַנקען, אַ וועלט קנייטשט פאַר אים איר שטערן.

אַ שרייבער, וואָס שרייבט אויף זיין אייגענער אחריות, שרייבט מיט פייער — דערום ברענט ער שנעל איבער.

אַ שרייבער אָבער, וואָס שרייבט מיט ציטאַטן, שרייבט בלויז מיט טינט, און טינט זענען דאָ גאַנצע ימים...

די אויפגאַבע פון אַ שרייבער איז צו קריגן די אַכטונג פונם לעזער, און צום שנעלסטן קריגט עס דער ציטאַטן-שרייבער.

דער לעזער שלינגט די ציטאַטן און טראַכט זיך: דער ציטאַטנ-שרייבער, ער מוז דאָך זיין אַ גאון! אַ קלייניקייט, אַזאַ בקיאות, אַזאַ שיטן מיט נעמען פון גרויסע שרייבער, פילאָזאָפן, דיכטער און חכמים! אַזאַ באַקאַנטשאַפט מיט גרויסע מענטשן!

און ער ווייסט נישט, נעבעך, דער אָרעמער לעזער, אַז ווען ער האָט צייט און קען גיין מישן ביכער אין ביבליאָטעק, וואָלט ער אויך געוואָרן דערזעלבער חכם, ווי דער ציטאַטנשטייבער.

תּלמידים! ווי גוט עס איז צו זיין אַ ציטאַטנשרייבער! עס איז לייכט, גרינג,—אַ מחיה! ווייסט איר פון די ספּעציעלע ציטאַטנביכער?

עס זענען דאָ ספּעציעלע ציטאַטנביכער, וועלכע זענען פול מיט כּל-טוב. ווילסטו קאָנפוציוס — איז קאָנפוציוס! ווילסטו ניטשע! — איז ניטשע! ווילסטו סאָקראַטוס — איז סאָקראַטוס! אַלץ, וואָס דו ווילסט, איז דאָרט דאָ: פון קאַנט, וואָלטער, אַריסטאָטעל, שטירנער, רמב״ם, ספּענסער, געטע און שפּינאָזאַ, און ווער נישט?

און האָסטו די ציטאַטן, קענסטו מיט זיי טאָן, וואָס דו ווילסט.

אַ ציטאַטע מעג אַפילו זיין נאַריש און אומפאַרשטענדלעך, וועט אויך קיינער גאָרנישט זאָגן, ווייל זי איז דאָך נישט אייערע און איר זענט פאַר איר נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

נאָר די קלוגסטע ציטאַטנשרייבער, זאָגט פּאָמפּאַדור, זענען די, וואָס ברענגען ציטאַטן פון גאַנץ אומבאַקאַנטע קוועלן. אַזעלכע קען מען בכלל קיינמאָל נישט כאַפּן ביי דער האַנט.

קענט איר דעם פילאָזאָף בייגלכאַפּער? ווייסט איר דעם גרעסטן דיכטער פון אינדיע, בלאָפּוס-ליגנערוס? האָט איר געהערט פון דעם באַרימטן כינעזישן דענקער האַק-פּאַק-טשיק-טשאַק?

תּלמידים, לאַכט נישט פון ציטאַטן!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

העגן ענג און ברייט.

מיר איז ענג מיט אייך, זאָגט פּאַמפּאַדור.
ענג נישט אויסצוהאַלטן.
אַלע זענט איר דאָ געטער און קליינע מענטשן.
אַלע קענט איר דאָ אַלץ און קענט גאָרנישט.
אַלע פאַרמאָגט איר דאָ גרויסע קעפּ און שמאָלע הערצער, הויכע פאַרלאַנגען און קורצע פליגלען.
ס'איז מיר ענג מיט אייך, מיינע פריינט!
אַלע לויערט איר איינער אויף דעם צווייטנס ענגשאַפט.
קענט זיך אַליין נישט אויסצערטלען אַן אייגן ווינקל.
ביי אייך הייסט ברייטקייט — מאַכן ענג יענעם.
וואָס איז כלל-טוערייַ ביי אונז? — אַן ענגער חדר מיט אַ קליין בעטל און אַ טויץ קוואַרטיראַנטן.
וואָס איז שריפטשטעלערייַ ביי אונז? איין מאָגערע שטעלע און הונדערט הענט זי צו קריגן.
וואו זענען אונזערע ברייטע פעלדער? אונזערע ווייטע האָריזאָנטן?
וואו איז אונזער באַצאָלט ווינקעלע פאַר יעדן?
וואו איז אונזער ספּעציאַליסט אויף איין זאַך נאָר?
אונזער ליטעראַטור איז הונדערט קרעמער און איין קינד...
היינט ביזטו אַ דראַמאַטורג — בין איך אויך.
מאָרגן ביזטו אַ הומאָריסט — ווער איך אויך.
יידן דאַרפן פרנסה — און מ'האַנדלט מיט אַלץ.
אוי, די גוייִם, ווי לעכערלעך זיי זענען אין מיינע אויגן!
זיי האָבן אַלץ פאַר יעדן — און נישט יעדן פאַר אַלץ.
זיי האָבן די פיל צימערן פאַר אַלע און דאָס אייגענע ווינקעלע פאַר יעדן איינעם...
מיר איז ענג מיט אייך.
אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

תלמידים! איך ווייס, אַז מיינע היינטיקע רייד וועלן אייך נישט געפעלן — אָבער נישט כדי צו געפעלן ווערן רעדט פּאַמפּאַדור.

פּאַמפּאַדור וויל מיט אייך היינט רעדן וועגן תלמידים און חסידים.

פּאַמפּאַדור האָט ליב די רביים, ער האָט אָבער נישט ליב די תּלמידים.

זיין אַ רבי, הייסט שטיין העכער פון אַלעמען; זיין תּלמידים, הייסט אַרונטערצושלעפּן דעם רבין צו זייערע פוס-בענקלעך.

אַ רבי צו זיין איז שיין, אָבער די תּלמידים מאַכן עס מיאוס.

ווען נישט די תּלמידים, מיט די פּאַרשטאָפּטע אויערן און שמאָלע קעפּ, וואָלטן אַ סך פאַלשע רביים קיין רביים נישט געווען און די וועלט וואָלט נישט געוואוסט פון אַ סך איבעריקע תּורות און איבערדריסיקע לערעס.

אַ רבי לייכט אָפּט, ווי אַ זון פריי און בחנם פאַר אַלעמען, די תּלמידים אָבער ווי עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס מען מוז באַצאָלן פאַר זייער ליכט.

אַ רבי עפנט אַ ישיבה, וואו ער וויל לערנען דאָס פאָלק זיין תּורה און מיט אים זיין חכמה.

די תּלמידים אָבער עפענען נאָר קרעמלעך, וואו זיי פאַרקויפן דעם רבינס תּורה אויפן אונץ, און דערצו נאָך אויף פאַלשע וואָגן...

אָ, איר טויטע תּלמידים פון יעזוס, שלוחים אין זיין נאָמען, דערמאָנט זיך, וואָס איר האָט אויפגעטאָן און שעמט זיך!

א, איר תּלמידים פון קאַרל מאַרקס, קוקט זיך אַרום, וואָס איר האָט געטאָן מיט אייער רבינס תּורה און פאַרדעקט אייער פּנים פון בושה!

און דערהויפּט האָט פּאַמפּאַדור פּיינט די אַמעריקאַנער חסידים פון געהערטע און געשריבענע תּורות, פון געדרשנטע און געדרוקטע חכמות.

איר באַגעגנט זיך אָפּט מיט אייערן אַ צוהערער, אייערן אַ הייסן חסיד, און אייך ווערט פינסטער אין די אויגן. אַזוי קליין, גראָשעדיק און נישטיק איז דער מענטש! און קומט איר אַהיים, נאָך אַזאַ באַגעגעניש, ווילט זיך אייך צעברעכן די פעדער, אויסגיסן דעם טינט, און זיך זעצן שבעה נאָך זיך און נאָך אייער אומשטערבלעכקייט...

און צערעדט איר זיך מיט אַזאַ איינעם, און ער הייבט אָן אַרויסשיטן פאַר אייך זיין בליק אויף קונסט און ליטעראַטור, און דער-הויפט זיין מיינונג און מבינות וועגן אייך, — דאַן פאַרלירט איר דעם גלויבן אין אייער טאַלענט, דאַן הערט איר אויף איינגאַנצן צו האַלטן פון זיך: אַזוי שלעכט און ביליק פאַרשטייען אייך די „דייטע"!

אוי, די מבינות פון די אַמעריקאַנער חסידים מיינע, ווי איך האָב זיי פיינט!

אַמעריקאַניש-יידישע לעזער — דאָס זענען עם-הראַצים, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אייער נאָמען אויף די ליפּן, ווי מיט אַ קנעפּל פון אַרבעטער-רינג אויפן לאַטש.

אַמעריקאַניש-יידישע לעזער — דאָס זענען דיזעלבע גאַליאַרקע-„פּאַטריאָטן", נאָר אַנשטאַט צו פּאַטשן מיט די הענט, קליאַטשען זיי מיט די צינגער, און דאָס איז נאָר ערגער!

און דאָס ערגסטע איז, וואָס יעדער גדול און קטן — יעדער צונג-רייבער און שמירער האָט דאָ אַ חסיד און אַ „פּאַטריאָט", ווי יעדע פעטע יידענע אַ גוידער און יעדער רייכער ייד אַ בייכל.

תּלמידים! אויב אומעטום זענען חסידים עם-הארצים, זענען די אַמעריקאַנער חסידים פון אונזערע שרייבער און גדולים — איבער-מענטשלעכע עם-הארצים.

פּאָמפּאַדור אַנטלויפט פון אַזעלכע חסידים.

אים איז שוין פיל, פיל ליבער זיך צו באַגעגענען מיט אַ הונגעריקן וואָלף, איידער מיט אַט אַזאַ חסיד.

דער וואָלף וועט דיך בלויז אויפעסן, אָבער נישט פּאַרמיאוסן דאָס לעבן, בעת דיין חסיד וועט דיר טאָן ביידע זאַכן.

פּאָמפּאַדור האָט ליב חסידות שטילע, צניעותדיקע. באַוואונדערער, וואָס רעדן נישט. „פּאַטריאָטן", וואָס פּאַטשן נישט בראַוואָ, און חסידים, וואָס לויפן נישט נאָך.

די בעסטע חסידים זענען פאַר פּאָמפּאַדורן די, וואָס ער זעט זיי נישט.

און צו די בעסטע פון די תּלמידים זאָגט פּאָמפּאַדור אַזוי:

תּלמידים! הערט אויס אייער רבין — אָבער קריטיקירט אים! גיט אים אָפּ כּבוד — אָבער פאַרגעטערט אים נישט! האָט אים ליב — אָבער הענגט זיך אויף אים נישט אָן מיט אייער גאַנצער לייביקייט!

דאָס שענסטע און דאָס מענטשלעכסטע איז צו לאָזן דעם רבין אַליין.

ווייל בלייבנדיק אַליין, פילט זיך דער רבי אָפטמאָל שטאַרקער, ווי מיט זיינע תּלמידים און חסידים.

און, צולעצט, דאַרף אַ רבי זיין, ווי אַ שיף, וואָס פירט אייך אַריבער דעם ים, ברענגט אייך אויף דער יבשה, לאָזט אייך אַראָפּ בשלום, און הייסט אייך גיין אייער וועג.

תּלמידים מיינע! זייט וויי־ניקער תּלמידים!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור, און האָט מיט אַ שמייכל פאַרלאָזן זיינע צעטומלטע תּלמידים.

וועגן אַלץ און אַלעם.

וואָס איז קליינלעכקייט? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

קליינלעך איז אַ פירער, וואָס מוז זיך קליין מאַכן, כּדי גרויס צו ווערן.

קליינלעך איז אַ פרוי, וואָס גיט אַוועק די גרויסקייטן פון איר נשמה פאַר קליינגעלט.

קליינלעך זענען מענטשן, וואָס פויקן שטענדיק וועגן אייגענע גרויסקייטן.

קליינלעך זענען מענטשן, וואָס רעדן תּמיד וועגן פרעמדע קליי־ניקייטן.

וואָס איז כּבוד? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

כּבוד — דאָס איז אַ זאַך, וואָס איז ביי אונז פאַרבונדן מיט אומכּבוד דאָס צו קריגן.

כּבוד אויף אונזער גאַס — דאָס איז אַ שפּיטאָל, וואו ס'ליגן קראַנק אונזערע כּלל־טוער, שתּדלנים, פּאָליטיקער און שרייבקנעכט פון אַלע סאָרטן.

פאַר מיר איז אַ כּבוד, ווען איך האָב נישט אייער כּבוד.

וואָס איז גאַנצקייט? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

גאַנצקייט — הייסט נישט דאָס שרייען „גאָר אָדער גאָרנישט״ און דערווייל גאָרנישט טאָן.

גאַנצקייט — הייסט טאָן האַלבקייטן און לאַכן פון די האַלבקייטן.

גאַנצקייט — הייסט פאַרשטיין די אייגענע האַלבקייט און צע־שפּליטערטקייט.

איך האָס האַלבקייט — אָבער דאָס לעבן זאָגט: איך גיב דיר נאָר אַזויפיל, וויפל איך וויל און נישט וויפל דו ווילסט...

ס׳איז טאַקע בעסער אַ גאַנצער נאַר, איידער אַ האַלבער חכם, פונדעסטוועגן האָס איך דעם ערשטן נאָכמער.

ס׳איז טאַקע בעסער אַ גאַנצער קאַרגער, איידער אַ האַלבער בעל־צדקה, — פונדעסטוועגן האָב איך דעם צווייטן פיל ליבער, ווייל איך קריג דאָך אַמאָל פון אים אַ טובה...

וואָס איז אומשטערבלעכקייט? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

אומשטערבלעכקייט — איז דער שור־הבור פון די קינסטלער, דער לויתן פון די שאַפערישע גייסטער.

אָבער פּאַמפּאַדור לאַכט פון אומשטערבלעכקייט.

הויז־מייז, קליינע און גרויסע, קומט און זאָגט עדות, וויפל גרויסע ווערק, דיקע ווערק, אומשטערבלעכע ווערק האָבן שוין אייערע ציינדלעך צעגריזשעט?

אומשטערבלעכקייט האָבן אויסגעטראַכט גייציקע שטערבלעכע.

וואָס איז איינזאַמקייט? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

איינזאַמקייט, דאָס איז אַ פאַרוק פאַר פליכעוואַטע קעפּ...

פיל קליינע און מיזערנע נשמות נוצן אויס די איינזאַמקייט, כדי צוצודעקן די פוסטקייט פון זייערע נשמות.

באמת איינזאַם איז דער, וואָס שטאָלצירט נישט מיט זיין איינ־זאַמקייט און בלייבט דאָך איינזאַם אין דער פריילעכסטער געזעלשאַפט.

איינזאַם איז דער, וואָס שלאָגט נישט קיין קאַפּיטאַל פון זיין איינזאַמקייט און פאַרקויפט נישט שטיקלעך איינזאַמקייט פאַר קליינ־געלט צו דער געזעלשאַפט.

איך שטאָלציר נישט מיט מיין איינזאַמקייט און דאָך בין איך איינזאַם מיט אייך!

וואָס איז ליידן? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

ליידן — הייסט צינדן פייער אין דער נשמה.

ליידן — הייסט זיין ניכטער און וויסן פון די ליידן.

עס איז נישט קיין קונץ צו שרייען, אַז מ׳לײדט, און זיצן בײם טרינקטיש.

עס איז נישט קיין קונץ צו פֿאַרגיסן לײדן מיט װײַן און ליקער.

אמתע לײד זענען טיפֿער פֿון דעם שיכּורס בעכער און העכער פֿון דעם שטאָפּער פֿון דער שאַמפּאַניער־פֿלאַש, װאָס פֿליט ביזן באַלקן...

לײדן — הײסט װיסן, אַז מ׳לײדט.

אַזױ האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

װעגן „באַלאַנגען״ און נישט „באַלאַנגען״ *).

און פֿון אַלע זײטן האָט מען גערופֿן פּאָמפּאַדורן, ער זאָל צו עפּעס באַלאַנגען: שליסט זיך אָן אין „אַרבעטער־רינג״! קומט אַרײַן אין „עדת ישראל!״ װערט אַ מיטגליד בײַ די מינסקער! צאָלט אײַן אין דער יוניע פֿון פּאַעטן! א. אז. װ., א. אז. װ.

און פּאָמפּאַדור האָט געענטפֿערט:

פֿרײַנט! באַלאַנגען צו אַ פֿאַרײַן הײסט אָנשליסן זיך אָן קײנע גאָרנישטן, דערום װיל איך בעסער באַלאַנגען צום טאַטן פֿון אַלע גאָרנישטן — צום גאָרנישט אַלײן.

אַ פֿאַרײַן הײסט נאַרישקײט בשותּפֿות, מחלוקת מיט אַ קאָנסטיטוציע און אומאָרדענונג מיט אַ פּרעזידענט.

באַלאַנגען צו אַ פֿאַרײַן הײסט האָבן מיט װעמען זיך צו קריגן, — און איז דען איך װײניק דאָס װײַב אינדערהײם?

באַלאַנגען צו אַ פֿאַרײַן הײסט האָבן נאָכן טױט געניגע פֿיר אײלן ערד. און דאָס באַטײַט: זײַן געבונדן צו שטאַרבן נאָר אױף דעם און דעם פּלאַץ, און פֿאַרװאָס זאָלט איר עס טאָן, װען איר האָט פֿאַר זיך אַ גאַנצן ערד־קוגל צום אױסװאַל?

*) אַדאַפּטירט פֿון ענגליש „באַלאַנג״, אין אַמעריקאַנישן יידיש באַטײַט: אָנגעהעריקײט צו אַ פּאַרטײ, געזעלשאַפֿט, פֿאַרײַן א. אז. װ.

און זייט נישט אין כעס אויף מיר, פריינט מיינע!
פּאָמפּאַדור איז פאַר אַ חברהלאָזער מענטשהייט.

אַ חברהלאָזע מענטשהייט הייסט ביי פּאָמפּאַדורן — אַ מענטשהייט אַ געזונטע, וועלכע קען זיך חברן נאָר מיט דער נאַטור, האַלטן מיטינגען אין וועלדער און האָקן זיך אליין אַ קבר פון שטיין.

פּאָמפּאַדור האַלט זייער פון דער חברה פון ביימער, וואָס שאָקלען זיך אָן אַ פּרעזידענט, פון זילבער־טייכן, וואָס פליסן אָן דעבאַטן...

פּאָמפּאַדור וויל זיינע נעכט פאַרייניקן נאָר מיט דער לבנה און שטערן.

און נאָכאַמאָל: זייט נישט אין כעס אויף פּאָמפּאַדורן.

פּאָמפּאַדור האַלט, אַז בעסער שוין צו זיין שוואַך פאַר זיך, איידער שטאַרק מיט הונדערטער שווינדזיכטיקע פאַריין־ברידער.

בעסער טרינקען אַליין וואַסער, איידער פלעשער ביר מיט חברה און נאָכדעם קריגן די פלעשער אין קאָפּ...

אָ, איר פאַרחברהטע ברידער און שוועסטער מיינע, ווען איך וואָלט מיט אייך קיין מיטלייד נישט געהאַט, וואָלט איך אייך געהאַסט.

אוי, דאָס רופן צו אָרדענונג! אוי, דאָס וואַסער פאַר די פאָר־זיצער! אוי די האַמערס און די נעכט פון קריג און מחלוקת!

ווען מען וואָלט דאָס וואַסער, וואָס די פּאָרזיצער טרינקען אויס ביי די מיטינגען, פאַרנוצט אויף צו באַוועגן מילן, וואָלט מען גע־קענט באַשפּייזן אַ וועלט מיט פּאַטעטן.

ווען מ׳וואָלט די קראַפט פון די אויסגעקלאַפּטע האַמערס איבערגעגעבן אין די הענט פון גוטע שמידן, וואָלטן זיי זיכער געקענט אויסשמידן דעם האַמער פון באַפרייונג אָדער, ווייניקסטנס, מיליאָנען פּאָדקעוועס פאַר פערד.

ווען די אַלע פאַריין־ברידער וואָלטן זייערע נעכט אָפּגעקריגט זיך מיטן ווייב אינדערהיים, אנשטאָט אין די לאָקאַלן, וואָלטן אַלע קוואַרטיראַנטן געמוזט חתונה האָבן און די מענטשהייט וואָלט גע־האַט אַ טאָפּעלע באַפעלקערונג...

תּלמידים! ווילט איר לעבן אינטערעסאַנט? — דאַן דערוויילט פאַר אַ פּרעזידענט אייער גייסט, פאָלגט נאָך דעם האַמער פון אייערע געפילן, האַלט מיטינגען מיט אייערע געדאַנקען, מאַכט אַ

„רוף צו אָרדענונג” בלויז צו אייער געוויסן און צאָלט אָפּצאָל בלויז צו אייערע דורכלעבענישן — און איר וועט האָבן דעם שענסטן פאַריין פון „באַלאַנג צו זיך אַליין.”
אַזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

— שעמט זיך נישט, תלמידים מיינע! — זאָגט פּאַמפּאַדור.

שעמען זיך היינטיקע צייטן איז דאָסזעלבע, ווי צו עפּענען אַ קרעמל פון טליתים, מחזורים, סדורים און מזוזות צווישן אירלענדער און דערוואָרטן דערפאָלג...

דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן איז היינט אַ פּיראַמידע פון חוצפּה. זעט ווי שיין, ווי הערלעך דאָס איז!

דער מענטש ווערט געבוירן אַן עזות-פּנים, מאַכט גוואַלדן, איידער ער האָט נאָך געעפנט די אויגן, זיך געקויפט אַ פּאָר ברילן צו זען, צי איז דאָ פאַרוואָס צו גוואַלדעווען...

וואָס איז בושה? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

זאָגט מיר נישט, אַז דאָס איז קינדערשע נאַיִוויטעט. זאָגט מיר נישט, אַז דאָס איז מיידלשע ריינקייט; זאָגט מיר נישט אַפילו, אַז דאָס איז מענלעכע ערלעכקייט — גיכער פון אַלץ איז דאָס שוואַכקייט פון כּוחות...

און ווידעראַמאָל רופט פּאַמפּאַדור: שעמט זיך נישט! בושה — דאָס איז אַ שטאַרקער שלאָס אויף דער טיר פון גליק, וואָס דער כּיטרער טייוול האָט אויפגעהאָנגען, כּדי צו מאַכן שפּאַס מיטן מענטשן. נעמט אים אַראָפּ!...

חוצפּה — דאָס איז אַן אָפענע טיר צום פּאַלאַץ פון דערפאָלג; גייט גלייך, און נעמט, וואָס אייך קומט...

חוצפּה — דאָס איז דער הויכער בוזים פון אַ פרוי, וואָס פאַרשטייט איר ווערט אויפן מאַרק פון לעבן און לוסט...

שעמען זיך, מיינע פריינט, הייסט נישט לעבן, נאָר קרעכצן, הייסט נישט באַוועגן זיך, נאָר שימלען...

שעמען זיך — הייסט זיין אַן אבל אויף דער אייגענער חתונה; הייסט קומען צו אַ טיש מיט גוטע מאכלים, איבערלאָזנדיק דעם אַפּעטיט אינדערהיים.

אַז מען שעמט זיך, קען מען אַפילו נישט ליב האָבן.

ווייל ליב האָבן הייסט — וואַגן, און געוואַגטקייט איז די מוטער פון חוצפּה...

גרויסע שטאָט, איך פאַרהייליק דיך! נאָר אין דיר ליגט באַהאַלטן דער גרויסער אוצר פון חוצפּה!

דער טומל, דער הו-האַ — דאָס איז דער נצחון פון אַ זונה-געלעכטער איבער דעם צניעותדיקן שמייכל פון אַ דאָרפסמיידל...

די הימלקראַצער, — דאָס איז דאָס חוצפּהדיקע רייסן זיך צו די הימלען פון לענדלאָרד-גייסט און עם-הרצות...

חוצפּה און עזות, — דאָס זענען היינט אויף די חופּה-אונטער-פירער פונם טאַלענטלאָזן.

ווען אַ טאַלענט ווערט היינט געבוירן, פּאַרטרויט אים אַ מלאך אַ סוד: באַנוץ נישט דיין טאַלענט, אויב דו ווילסט מ אַ כ ן אַ ל ע ב ן.

און דער טאַלענט פאָלגט דעם מלאכס עצה און ער ווערט אַ ביליקער דעקלאַמאַטאָר אויף גראָשעדיקע קאָנצערטן, אַן אַקטיאָר, אַ קונצנמאַכער, וואָס פאַרקויפט זיינע שאַפונגען פאַר ביליקע אפּלאָדיסמענטן...

אין בושה בייטיקט זיך היינט קיינער נישט.

קיינער שעמט זיך שוין נישט מער, חוץ דעם אַקטיאָר, וואָס דאַרף שפּילן אויף דער בינע די ראָלע פון אַ שעמעוודיקן פאַרליבטן...

קיינער ווערט שוין היינט נישט רויט. און זעט איר אַ פרוי, וואָס רויטלט זיך אין געזעלשאַפט, זוכט דעם סוד דערפון אויף די פּאָליצעס פון אַן אַפּטייק.

תלמידים! דאָס לעבן איז אַן אייביקער דועל צווישן טומאה און קדושה, חוצפּה און בושה, און שטענדיק זיגט די בושה און אייביק איז גובר די חוצפּה.

און פאַרוואָס זאָלט איר זיין די באַזיגטע?..

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

און צו פּאָמפּאַדורס אויערן האָט דערגרייכט אַ בשורה, אַז אייגער אַ דאָקטאָר האָט געפונען אַ זיכער מיטל צו שווינדזוכט, האָט אַ וואָלקן פון מרה-שחורה זיך פאַרשפּרייט אויף פּאָמפּאַדורס פּנים און ער האָט צו זיינע תּלמידים אַזוי געזאָגט:

— תּלמידים, איר קראַנקע שפּעלעך מיינע, איך בין איצט או-מעטיק און ווייסט איר פאַרוואָס?

ווייל איך בין קעגן דער אָפּשאַפונג פון קראַנקהייטן.

וואונדערט זיך נישט, הערט וואָס פּאָמפּאַדור וועט אייך זאָגן:

קראַנק זיין — הייסט שרעקן זיך, און שרעקן זיך איז די שיינ-קייט פון לעבן און גענוס: פרעגט די אשת-אישניקעס און זיי וועלן אייך זאָגן...

זיכערקייט — הייסט שמאַלץ אויפן קערפּער און שווינדזוכט אין גייסט; און מער פון אַלץ שרעק איך זיך פאַר שווינדזוכט פון גייסט.

שרעק — דאָס איז אַ שפּאַנענד פאָרוואָרט צום בוך „פאַר-שווינדן”, אַ קאָרידאָר צום פּאַלאַץ פון אייביקן סוד, וואָס הייסט טויט, און ווען נישט די מורא פאַרן טויט, וואָלט דאָס לעבן געווען אַ לאַנגער גענעץ פון אַן אויפגעקומענעם גביר.

נעמט אַוועק די שרעק פון דעם מענטשנס נשמה, און זיין האַרץ וועט אָנהייבן שימלען, ווי אַן אַלט זעמל.

זיין געזונט — הייסט זיין ברוטאַל, הייסט זיין אַ פיזישע מאַכט, הייסט זיין מער חיה, ווי מענטש.

זיין קראַנק — הייסט זיין מער גייסט, ווי קערפּער, מער גאָט, ווי מענטש. פּאָמפּאַדור קען זיך נישט פאָרשטעלן אַ גאָט מיט רויטע באַקן.

קראַנקהייט — איז אידעאַל, מאָראַל, אינעווייניקסטע שיינקייט.

פּאָעזיע — דאָס איז די מוזיק פון אַ קראַנקער נשמה.

געזונטע מענטשן שרייבן נישט קיין לידער.

ליבע — דאָס איז האלוצינאַציע פון אַ קראַנקער נשמה.

געזונטע מענטשן חלומען נישט אַפילו, און נעמט אַוועק פון דעם מענטשנס בעטל זיינע חלומות — און עס בלייבט אַ געלעגער פון אַ בהמה...

שווינדזוכט — דאָס איז דאָס לאַנגזאַמע טריקענען פון די ביי-

נער, די פילאָזאָפיע פון קערפער — און אָן פילאָזאָפיע, ווי וואָלטן מיר געוווּכט, אַז דאָס לעבן טויג אויף כפּרות?..

שווינדזוכט — דאָס איז דאָס פּריוואַט-אייגנטום פון די אַרבעטער. נעמט עס פון זיי אַוועק, און זיי וועלן ווערן פריי — און אַ פרייער אַרבעטער-קלאַס איז אַ געפאַר פאַר דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטן...

תּלמידים מיינע, זייט קראַנק! קראַנקהייט — איז רחמנות.

אַ רייכע קראַנקע מוטער איז אַמאָל געגאַנגען שווער צו קינד, האָט זי געבאָרן אַ קאַליקע און מען האָט עס אַ נאָמען געגעבן רחמנות.

אָן רחמנות וואָלט אונזער געזעלשאַפט אויסגעזען, ווי אַ פּאַיאַץ אָן אַ מיצל מיט גלעקלעך, און אַ רחמנות-שוועסטער אָן אַ ווייסן פאַרטוך...

איך בין פאַרליבט אין קראַנקע...

אַלץ, וואָס ווייטיקט נישט, איז גאָרנישט ווערט.

אַ האַרץ אָן וואונדן איז אַ זייגער אָן אַ שליסל צום אָנציען — עס איז נישט ווערט צו טראָגן עס אונטער דער קאַמזויל.

אַ האַרץ, וואָס בלוטיקט נישט — איז אַ פּראָצענטניק-האַרץ, אַ האַרצלאָז האַרץ.

און וואָלט איר דען געוואָלט זיין פּראָצענטניקעס?...

אַפילו אַ קאָפּ מוז אַמאָל ווי טאָן — אַנישט איז דאָס אַ צי-לינדערהוט פון אַ בעל-עגלה און נישט קיין קאָפּ...

תּלמידים! איך בין פאַר אַלע קראַנקהייטן, אָן אונטערשייד.

אַ געזונטע מענטשהייט איז פאַרמשפּט צום אייביקן שקלאַפן, ווייל נאָר די, וואָס האָבן נישט קיין קראַנקע נשמות, זענען שקלאַפן...

דאָקטוירים! נעמט נישט אַוועק ביי דער מענטשהייט די שרעק פון קראַנק ווערן!

דאָס איז די איינציקע שיינע זאַך, וואָס איז איר נאָך געבליבן, חוץ דער שאָקל-שטול און ציגאַרן-רויך.

תּלמידים מיינע! איך הייס אייך קראַנק זיין...

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

איך בין קעגן גאַסן-קערער, — זאָגט פּאָמפּאַדור.

גאַסן-קערער — דאָס זענען שוואַרצע יעזואיטן, וואָס קליידן זיך אין ווייסן, כּדי אונז צו נאַרן.

דאָס זענען מענטשן, וואָס פאַרדעקן זייער אייגן שמוץ, זוכנדיק פרעמדס.

דאָס זענען ריינקייט-ספּעציאַליסטן פאַר שכירות.

איך בין פאַר מיסט.

ווען מען קען נישט האָבן קיין בלומענטעפּ אויף יעדן פענסטער, — איז זאָל בליען דאָס מיסט ביי דער טיר.

ווען מ'קען נישט אַוועקנעמען דאָס מיסט פון יעדן פּלאַץ, — איז זאָל עס בלייבן אומעטום.

קען מען אינגאַנצן אַוועקנעמען שמוץ? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און ער ענטפערט: ניין!

ראַמט עס אויס פון איין ווינקל — ווערט עס געבוירן אין אַ צווייטן; נעמט עס אַוועק פון אונטער דער טיר — באַהאַלט עס זיך אונטערן בעט.

רייניקן שמוץ, תּלמידים מיינע, איז בלויז אַ באַצאָלט שטיקל אַרבעט פאַר קהלשע קליאַמקעס.

אומזיסט ראַמט מען און אומזיסט רייניקט מען, כּל זמן מענטשן מוזן י' טאָג טעגלעך פונדאַסניי פאַרפּאַטשקען.

אומזיסט זענען אַלע אונטערזוכונג-קאָמיסיעס: פאַרטרייבט מען די זינד פון מזרח-שטאָט — קלייבט זי זיך אַריבער אין מערב-שטאָט; פאַריאָגט מען זי פון באַרג — קלייבט זי זיך אַריין אין טאָל.

אויב ביי די רייכע איז ריינער אין די הייזער, איז דאָס צוליב דעם אויסגעשמירטן הויז-אויפזעער.

בלאָטע און שמוץ זענען די ליבלינג-קינדער פון דער היינטיקער אָרדענונג; זיי זענען נייטיק אויף אויפצוהאַלטן די אָרדענונג, ווי ס'איז נייטיק רויב און פּאָליציי...

די גאַנצע געזעלשאַפט איז אַן ענציקלאָפּעדיע פון שמוץ.

אָרעמקייט איז אַ פאָלקס-אויסגאַבע פון שמוץ.

עשירות און לוקסוס זענען שמוץ אין אַ פּראַכט-אויסגאַבע.

צניעות איז פאַרדעקטע אומריינקייט.

פאַרשייטקייט איז אומרייבקייט דעקאָלטירט.

זנות איז שמוץ אָן אַ פייגנבלאַט.

פאַמיליען-לעבן איז שמוץ מיט אַ באַנדעראָל.

נעמט אַראָפּ דעם באַנדעראָל, מיינע פריינט, און איר וועט געפינען דעם קאָנטרעבאַנד...

און רחמנות האָט פאָמפאַדור געהאַט אויף די אָרעמע, וואָס גראַבלען זיך אין די מיסט-פעסלעך, און ער האָט אַזוי צו זיינע תּלמידים גערופן:

תּלמידים! נעמט נישט אַוועק די מיסט-פעסלעך פון אייערע הייזער, כּל-זמן מענטשן דאַרפן דאָרט זוכן חיונה...

און נאָכאַמאָל האָט ער צו זיינע תּלמידים גערופן:

תּלמידים! שטאַרק פיינט האָב איך דאָס שמוץ, וואָס מען האַלט עס אונטערן בעט! — וואַרפט עס אַרויס אין גאַס, אויף דער זון וואַרפט עס אַרויס, שעמט זיך נישט!

יעדערער פון אונז איז אַ שמוץ-וואַרפער: איינער וואַרפט עס ביינאַכט, ווען אַלע שלאָפן, אַ צווייטער — בייטאָג מיט טומל און ליאַרם.

איינער וואַרפט עס איינגעוויקלט אין אַ צייטונג, דער צווייטער — שרייבנדיק אין אַ צייטונג.

איינער וואַרפט עס פון אַ פענסטער, דער צווייטער — פון אַ בינע.

איינער וואַרפט עס אויף זיין אייגענער רעכענונג, דער צווייטער — אויפן חשבון פון קהל...

דער סך-הכּל איז, אַז אלע רייניקן זיך אויף דעם חשבון פון צווייטן.

אַזוי האָט גערעדט פאָמפאַדור.

אַלץ אין דער וועלט איז פאַרקרימט, פאַרמישט און צעמישט,— זאָגט פּאָמפּאַדור.

קיין אָריגינעלע זאַכן זענען נישטאָ.

אין יעדער חיה איז דאָ עפּעס פון אַ מענטשן, און אין יעדן מענטשן איז דאָ אַ היפּשער טייל חיה... אַ פערד האָט ענלעכקייט צו אַן אייזל און אַן אייזל האָט אין זיך סימנים פון אַ פאַרעקשנטן טעאָרעטיקער. אַלץ איז צעמישט. פאַראַן אויפּגעקומענע גבירים, וואָס קוקן אויס ווי געגאַסן, און געגאַסן — וואָס זעען אויס, ווי לענדלאָרדס.

פאַראַן פילאָזאָפן, וואָס האָבן אַ פּנים פון האָלצהעקער, און פאַראַן שניידערריונגען, וואָס קוקן אויס, ווי אמתע דיכטער...

אָריגינעל זענען היינט נאָר די משוגעים, און דערום זיצן זיי טאַקע אין די משוגעים-הייזער. יעדער מענטש האָט אין זיך עפּעס פון אַ צווייטן. דער אָריגינעלסטער מענטש איז נאָר דער צוקונפט-מענטש, ווייל ער איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן...

קיין אָריגינאַליטעט איז נישטאָ!

לעבסטו לאַנג מיט דיין פרוי, קריגט זי ד יי ן פּנים און דו איר פּנים, און צום סוף האָט איר ביידע ק יי ן פּנים נישט...

— האָט אַ חזיר אַ נשמה? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און ער אַליין ענטפערט: יאָ!

ווייל יעדע נשמה, מעג זי זיין ווי געלייטערט, האָט אין זיך אַ היפּשן פּראָצענט חזיר, און יעדער חזיר האָט אין זיך אַ טייל נשמה.

האָט אַ מענטש הינטישע געטריישאַפט? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און ער אַליין ענטפערט: יאָ.

ווייל געטריישאַפט איז אַ הינטישע זאַך.

ווייל פרייע, זעלבשטענדיקע באַשעפענישן זענען נישט בנמצא; די מערסטע זענען הינט, וואָס האָוקען אין זייערע ביידלעך און גריזשען די ביינער, וואָס דער באַלעבאָס וואַרפט צו זיי...

זיי נישט אָריגינעל, מיין פריינט, ווייל דאָס לוינט זיך דיר נישט.

דו זיי בעסער אַ נאָכקריכער.

די נאָכקריכער — די זענען היינט די מלכים אויף אַלע טראָנען.

וואויל איז די נאָכקריכער!

דאָס פאָלק האָט זיי ליב, דאָס פאָלק פאַרשטייט זיי, און וואָס דאַרפסטו נאָכמער, ווי די באַגייסטערונג פון פאָלק?

דער עולם ווייס נישט פון אָריגינאַליטעט.

געלינגט דיר דיין נאָכקרימעריי, זאָגט דער עולם: זעט, ווי שיין ער שרייבט דאָס, ווי גוט ער מאַכט דאָס! געראָט עס דיר אַמאָל נישט, האָט מען צו דיר אויך נישט קיין טענות! — ביזט דאָך נישט מער, ווי אַ נאָכקרימער...

די נשמה פון אַ מענטשן איז היינט בלויז אַ נאָכקרימעניש נאָך אַ נשמה, וואָס איז ערגעץ געווען אַמאָל — אַמאָל...

פריינט! זייט אוראַנג-אוטאַנגען און איר וועט האָבן אָריגינעל גליק אין לעבן...

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

ועגן שפּיגלען און פרויען.

תּלמידים מיינע! צעברעכט די שפּיגלען!

אַלע שפּיגלען זענען ליגנער. אַ סאַלאָנשפּיגל איז אַ יום-טובדיקער ליגנער, אַ קיכשפּיגל איז אַ וואָכעדיקער ליגנער, אַ געשלאָפענער שפּיגל איז אַ פּאָעטישער ליגנער, אַ קעשענעשפּיגל איז אַ בוזעם-פריינט ליגנער.

צעברעכט אַלע שפּיגלען!

אַ שפּיגל — דאָס איז אויבערפלעכלעכקייט אנשטאט פּאַרטיפונג, פּנים אנשטאט האַרץ, פּוסטער גלאַנץ אנשטאט ערנסט און געפיל.

אַ שפּיגל — דאָס איז חניפה פאַר דיין אייגענער פּוסטקייט, דאָס איז אַ וויגבעטל פאַר דיין עגאָיזם. „ווי שיין דו ביזט!” — נאַרט דיך דער שפּיגל, און דו מיינסט ס'איז אמת און דו לויפסט טאָן מיאוסע זאַכן...

אַ שפּיגל — דאָס איז דער פּאַנאָגראַף, וואָס האָט אין זיך גאָר־נישט קיין אייגנס, נאָר ער גיט דיר צוריק דאָס, וואָס דו גיסט אים...

אַ שפּיגל — דאָס איז רעצענזיע, אנשטאט קריטיק, אויבערפלעכ־לעכע מבינות אנשטאט אָפּשאַצונג.

צעברעכט אַלע שפּיגלען!

ווען נישט די שפּיגלען, וואָלטן די מענטשן זיך געלערנט טיפער צו קוקן...

אַ געוויינלעכער שפּיגל ווייזט דיר מער נישט, ווי דיין פּנים, אַ גרעסערער באַווייזט דיר אויך דיין פיגור, אַ סאַלאָנשפּיגל ווייזט ווייזט דיר אפילו דיינע שיך — אָבער ס'איז נישטאָ קיין שפּיגל, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען דיין נשמה.

אַ שפּיגל — דאָס איז די דערפינדונג פון טייוול. ווען דער טייוול האָט אויסגעפונען דעם שפּיגל, האָט ער אַזוי געזאָגט: זאָל דער מענטש זיך אָנקוקן און מיינען, אַז ער איז עפּעס, און איך וועל אים דערווייל פאַרפירן.

אַ שפּיגל, אַזוי ווי אַ קאַלענדאַר, איז דער רויבער פון דיינע טעג, דער עדות פון דיין אַלטקייט, דער בוכהאַלטער פון די קנייטשן אויף דיין שטערן.

אַ שפּיגל — דאָס איז די פרייד פון די, וואָס האָבן פולע באַקן, נישט אָבער פון די, וואָס האָבן פולע הערצער.

נעמט אַרויס אַלע שפּיגלען פון די הייזער! — רופט אויס פּאָמ־פּאַדור.

וואָס מער שפּיגלען עס געפינען זיך אין אַ הויז, אַלץ ווייניקער שפּיגלט זיך דאָרט אָפּ דער שלום־בית.

אַ שפּיגל — דאָס איז אונזער היינטיקע קולטור, וואָס גלאַנצט אַזוי שיין פון פאָרנט און איז אַזוי פאַרשפּינוועבט פון הינטן.

צעברעכט אַלע שפּיגלען און קוקט דער וועלט גלייך אין פּנים אַריין!

און ווי די שפּיגלען, אַזוי די פרויען:

די פרוי איז דער שפּיגל פון אונזער גייסטיקן צושטאַנד. ווייז מיר די פרוי, אין וועלכער דו ביזט פאַרליבט, און איך וועל דיר זאָגן, וואָס פאַר א פּנים דו האָסט.

פון אַ פרוי, ווי פון אַ שפּיגל, האָבן מיר ליב צו לאָזן זיך נאַרן.

די נשמה פון אַ פרוי, ווי דאָס גלאָז פון אַ שפּיגל: איין הויך מיטן מויל, און עס ווערט פאַרצויגן און דו זעסט שוין גאָרנישט...

די ליבע פון אַ פרוי איז ווי דאָס גלאָז פון אַ שפּיגל: עס ווערט לייכט פאַרשטויבט און דו דאַרפסט עס האַלטן אין איין רייניקן...

אַ פרוי, ווי אַ שפּיגל, דערזעט באַלד די ערשטע גרויע האָר אין דיין קאָפּ.

פּאָמפּאַדור וויל נעמען דעם ים פאַר אַ שפּיגל. ער וויל זיין ווי די זון און זיך שפּיגלען אין די טיפע טיפענישן פון די ברייטע וואַסערן.

פּאָמפּאַדור וויל זיין ברייט און ריין, ווי דער הימל. ער וויל זיך שפּיגלען אין די אומענדלעכע וועלטן.

פּאָמפּאַדורס גייסט איז סודותדיק, ווי אַן אור־אַלטער וואַלד. ער האָט ליב שאָטנס, געהיימע גייסטער און וויל אַפילו נישט אויפדעקן דעם סוד פון זיין אייגן פּנים.

תּלמידים מיינע! צעברעכט אַלע שפּיגלען!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן קליידונג און נאַקעטקייט.

טוט זיך אויס נאַקעט, — זאָגט פּאָמפּאַדור.

קליידונג — איז פּוסטער גלאַנץ.

נאַקעטקייט — איז נאַטור, קינדהייט, אומשולד...

שוין צופיל איז דער מענטש אָנגעפּעלצט, שוין צופיל קליידער טראָגט אויף זיך דער מענטשלעכער קערפּער — און דערפון נעמט זיך די שווערע משא אויף זיין נשמה.

נאַקעטקייט — דאָס איז די נישט פאַרדעקטע קערפּערלעכע שיינקייט. ווען דער מענטש האָט געקראָגן אַן אויסשיט אויפן לייב, ערשט דעמאָלט האָט ער זיך פאַרדעקט מיט שמאַטעס...

מענטשן, וואָס זענען געבענטשט מיט ריינקייט פון קערפּער, דאַרפן נישט מורא האָבן פאַר קיין עין־הרע, האָבן זיך נישט וואָס צו פאַרדעקן און דאַרפן זייערע נשמות נישט איינהילן אין מאַנטלען.

תּלמידים מיינע, איך בין פאַר אַנטבלויזונג!

איר זאָגט: פאַרדעקן דאַרף מען דאָס, וואָס איז מיאוס. איך זאָג: דאָס מיאוסע אין מענטשן קען מען נישט פאַרדעקן...

קליידונג — איז דאָס קינד פון גאַס.

נאַקעטקייט — איז דאָס קינד פון הויז.

אייניקע מענטשן האָבן נישט מער ווי איין העמד אויפן לייב, אָבער זייער נשמה איז רייך; אַנדערע האָבן שענק מיט קליידער און זייער גייסט איז נאַקעט, ווי אַ בוים אין ווינטער.

ווען אַלע מענטשן וואָלטן אָנגעהייבן גיין נאַקעט, וואָלטן מיר קיין שטרייקן פון שניידער נישט געהאַט און אפילו נישט קיין שניידערשע פּאָעטן...

אנשטאט שווער אַרבעטן אַריינצוצילן די פאָדעם אין נאָדל, וואָלטן מיר געצילט צו העכערע צילן...

ווען מענטשן וואָלטן זיך דערזען נאָכאַמאָל איינגאַנצן נאַקעט, ווי אין די ערשטע ווילדע צייטן, וואָלטן זיי ערשט איינגעזען, ווי ווייניק זיי האָבן פּראָגרעסירט פון אדם הראשונס פייגנבלאַט ביז די געפּרעסטע הויזן.

נאַקעטקייט — דאָס איז דערלייכטערונג און שלום־בית. מענטשן נאַקעטע דאַרפן ווייניקער האָבן, ממילא ווייניקער שקלאַפן און פאַרשקלאַפן אַנדערע...

נאַקעטקייט איז אויך דער צורוף צו אמתער ריינער ליבע. נאַקעטע געשלעכטער וועלן אָדער קניען פאַר דער שיינקייט פון קערפּער, פאַרהייליקן פלייש און בלוט, אָדער זיי וועלן בלויז פאַרגעטערן די נשמה... ס׳וועט אָבער נישט זיין ווי די היינטיקע ליבע, וואָס מיט זיך דורך אַ שטאָלענעם קאָרסעט צוצוקומען צו דער נשמה...

פרויען, אַרבעט פאַר אייער נאַקעטקייט — זי וועט אייך מער געבן, ווי אייער גלייכבאַרעכטיקונג!

פרויען, האָט קיין מורא נישט פאַר אנטבלויזונג!

די צוקינפטיקע געזעלשאַפט וועט זיין אַ נאַקעטע, דער לעצטער מענטש וועט זיין נאַקעט, ווי דער ערשטער מענטש.

תּלמידים, די נאַקעטע מענטשהייט קומט!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

דעמאָלט האָבן אים זיינע תּלמידים געפונען זיצנדיק אין איין העמד.

תלמידים מיינע, היינט איז פרילינג, און איך בין שיכּור פון הימלישן ווײַן, באַטרונקען פון זון און פון שטראַלן — טרינקט מיט מיט מיר!

תלמידים! איך האָב נישט ליב די ערד, — ווייל אויף איר קען איך טרעטן...

איך האָב ליב דעם הימל, ווייל צו אים קען איך נישט דערלאַנגען...

אָ, איר צוגעבונדענע צו דער ערד, קומט צו מיר, און איך וועל אייך דערהייבן צו די הימלען.

די ערד — דאָס איז עפּעס נאָך נידעריקער פאַר דער זויל פון מיין שוך.

דער הימל — דאָס איז עפּעס נאָך העכער פון מיין העכסטן געדאַנק.

איך האָב נישט ליב די ערד — ווייל זי איז דער באָדן פון מיין מאַכטלאָזיקייט.

איך האָב ליב דעם הימל — ווייל דאָרט בין איך דער אומבאַשרענקטער הערשער.

איך האָב נישט ליב די ערד — ווייל פון איר באַפרייט מיך נישט אפילו דער טויט.

איך האָב ליב דעם הימל — ווייל פון אים קען איך זיך שיידן גלייך ווי איך שליס מיינע וויעס און לעש אויס מיין לעצטן חלום...

דער הימל — דאָס איז פרייע ליבע צווישן מענטש און נאַטור.

די ערד — דאָס איז דאָס געזעצלעכע ווייב, וואָס פּלאָנטערט זיך אונטער די פיס ביזן טויט.

די ערד—דאָס איז די שקלאַפעריי פון מענטשן.

דער הימל — דאָס איז די פרייהייט פון געטער.

די ערד — דאָס איז דאָס פּריוואַט-אייגנטום פון רויבער, די פאַרבויטע פייער-פאַסטקע פאַר קבצנים.

דער הימל — דאָס איז דער פרייער רשות פון פאָעטן; פלי זיך פריי, פריי, און בוי זיך לופט-פּאַלאַצן, וואו דו ווילסט נאָר...

און פּאַמפּאַדור האָט אויפגעהייבן זיין געזיכט צו דער זון און האָט אויסגערופן:

תּלמידים! קוקט דער זון גלייך אין פּנים אַריין.

בעסער בלינד ווערן, קוקנדיק אויף דער זון, ווי צו פאַרלירן די ראיה אין פאַבריק, ביי דעם שיין פון עלעקטרישע לעמפּלעך.

זון — דאָס איז הייסע ליבע, און נאָר איינגעפרוירענע פאַר־שווינען האָבן מורא צוצוקומען נאָענט, זי זאָל זיי נישט צעשמעלצן...

זעט! איך קוק דער זון גלייך אין פּנים אַריין: זאָל זי מיך ברענען!

נעמט אַוועק די שירעמס פון אייערע קעפּ, און קוקט דער זון אין פּנים אַריין גלייך מיט מיר! שירעמס זענען בלויז גוט פאַר שוואַך־קעפּיקע...

דאָס איינציקע, וואָס איך האָב נישט ליב אין הימל, איז די לבנה. זי איז נאַריש, ווי די פּנימער פון די פאַרליבטע, וואָס קושן זיך אונטער איר בלאַסקייט...

זון — דאָס איז מיט יעדער רגע מיליאָנען ניי־געבוירענע לעבנס.

לבנה — דאָס איז דער אייביקער בר־מינן פון הימל.

פּאַמפּאַדור גלויבט, אַז די זון וועט אַמאָל אויסגעלאָשן ווערן, ווייל זי האָט אין זיך צופיל לעבן, אָבער די לבנה קען לעבן איי־ביק — אַ טויטע.

די זון — דאָס איז די וואוילטועריש פּרינצעסין אין דעם לאַ־זור־פּאַלאַץ פון הימל. זי איז שטאָלץ און טיילט אירע שטראַלן פריי, מיט אָפענער האַנט.

די לבנה — דאָס איז די איינגעשרומפּענע קמצנטע. זי לאָזט פאַלן אירע קרענקלעכע שטראַלן מיט ציטערדיקע הענט.

און נישט אומזיסט מאַכן אַלע קאַרגע זייערע חשבונות פאַר דעם ליכט פון דער לבנה.

רופט צו מיר די זון: איך בין נאַיוו, און דערום ברען איך אַזוי שטאַרק.

זאָגט צו מיר די לבנה: איך בין דערפאַרן, און דערום בין איך אַזוי קאַלט.

תּלמידים מיינע, הייבט אייערע קעפּ צו די הימלען, אָבער היט זיך, אַז רעדער זאָלן נישט אַריבער איבער אייערע פיס, ווייל בייז

און אייפערזיכטיק איז די ערד און זי נעמט נקמה אָן די, וואָס הייבן זייערע קעפּ צו די הימלען.
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן שערן און געשווירענע.

און ווען פּאָמפּאַדור האָט געהערט, אַז די שערער זענען אַרויס אין שטרייק, האָט ער מיט גרויס פרייד אויסגערופן:
תלמידים! די ראַזירער שטרייקן — זאָלן זיי!
ראַזירן — דאָס הייסט אַרונטער מיטן רעספּעקט, דאָס הייסט אָפּווישן דעם גרענעץ צווישן יונג און אַלט.
ראַזירן — דאָס הייסט, נעמען און מאַכן פון אַן אַלטן בעל-עבירהניק אַ גוט אַרומגעגאָלטן און אַ גוט אויסגעמאַסאַזשירטן יונגנ-מאַן, און עפענען פאַר אים די טיר צו נייע עבירות...
ראזירן — דאָס איז חניפה פאַרן פּנים, און נישט אומזיסט איז דער גרעסטער טייל ראַזירער קראַנק אויף חניפה.
ראַזירן — דאָס הייסט, צושטעלן אַ חקף צו אַ פרעמדן האַלז און דערביי קוקן אין פענסטער און זאָגן וויצן...
ראַזירן — דאָס איז אונזער ליגנערישע קולטור, וואָס פאַרגלעט אירע קנייטשן פון אָפּגעלעבטקייט, פאַרפּודערט איר געלקייט, פאַר-דעקט איר פליך פון זינד — און איז דאָך באַנקראָט...
אַ ראַזירער-האַנט — דאָס איז אַ האַנט, וואָס גלעט און צערטלט דיך פאַר עטלעכע סענט, אַ האַנט, וואָס גלעט אַלע פּנימער גלייך.
אַ ראַזירשטול — דאָס איז אַ שטול, וואָס דרייט זיך, ווי אַ קאָקעטישע פרוי אין אַלע זייטן.
פּאָמפּאַדור איז פאַר אַ באָרדיקער מענטשהייט.
באָרד — דאָס איז בכבודיקע אַלטקייט, דאָס איז רעספּעקט פאַרן זיידן...
באָרד — דאָס איז אַ ישוב-הדעת-קאָמעראַד, אַ פריינט, מיט וועמען זוך צו האַלטן אַן עצה אין אַן עת-צרה.

ווייסע בערד — דאָס איז די שיינקייט פון דורות, דאָס איז טראַדיציע.

פּאָמפּאַדור האָט פיינט די באָרדלאָזע מענטשהייט, אַלטע, וואָס זעען אויס, ווי יונגע און יונגע, וואָס זעען אויס, ווי אַלטע...

ער האָט פיינט אַ מענטשהייט, וואָס האָט איין גלאַט ראַזירט פּנים פאַר אַלעמען, איין סקאַרבאָוון שרונט אין יעדנס קאָפּ, פּונקט ווי דער קנייטש אויף די הויזן...

גלייך געשוירן — גלייכע פלאַכקייט! גלייך געגאָלט — גלייך צעשניטן!

תּלמידים! איך וויל אַ וועלט פון פאַרשידנאַרטיקייט, איך וויל פאַרשידענע בערד, לאַנגע און גאָר לאַנגע, האַלב גרויע און גאַנץ גרויע, ווייסע און גאַנץ ווייסע; איך וויל אמתע ע ל ט ע ר, ווי אמתע י ו ג נ ט!

זאָגט אַליין! קען מען ליב האָבן אַ יוגנטלעכקייט, וואָס הענגט אָפּ פון געבן טרינק-געלט דעם ראַזירער-יונג?

תּלמידים! איך וויל אַ מענטשהייט מיט בערד, כּדי צו קענען אָפּשיידן פון שוואַרץ ביז ווייס, פון געל ביז רויט...

איך האָב נישט ליב די מאַסאַזש-מאַשין, וואָס מיט זיך אומזיסט צו מאַכן פון אַלט יונג. זי קען בלויז ברומען, זשומען, אָבער נישט העלפן.

איך האָב פיינט יוגנט-פרישקייט אויף פּנימער, וואָס ווערט בלויז אויסגעוואַרעמט מיט הייסע האַנטיכער...

איך האָב זייער נישט ליב מענטשן, וואָס אנשטאָט פאַרגיסן בלוט פאַר אידעאַלן, באַגנוגענען זיי זיך מיטן ביסל בלוט, וואָס זיי פאַרגיסן אויפן ראַזירשטול.

פּאָמפּאַדור וויל, אַז האָר זאָלן נישט זיין בלויז דאָס אייגנטום פון פאַלשע פּאָעטן.

האָר — דאָס הייסט וואַקסן, דאָס הייסט קריגן לעבן, זאַפט און כּוח.

יעדעס קינד ווערט געבוירן נאַקעט, האָרלאָז און הילפלאָז. מיט דעם וואַקסן פון זיינע האָר וואַקסן אויך זיינע כּוחות...

פּאָמפּאַדור האָט ליב די שמשון-לאָקן, די גבורה פון די לאַנגהאָריקע נאַטורקינדער!

אָ, איר צעשניטענע מאָרדעס, פאַרפּודערטע פּנימער, פאַרצלמטע באַקן, פּאָמפּאַדור רופט צו אייך: שמרייקט מיט די בצרבצרעס!
נעמט אַוועק אַלע באַרבאַרשטולן, פאַרשליסט אַלע ראַזירהייזער און קערט זיך אום צו דער נאַטור!
מאַכט פון אייער קאָפּ אַ וואַלד און פון אייער האַרץ אַ ריינעם נאַטורקוואַל!
און אַ טיפער קנייטש האָט זיך באַוויזן אויף פּאָמפּאַדורס שטערן און ער האָט ווייטער גערעדט:
אָ, די געשוירענע און די שערער זייערע!
שוין צופיל שערט מען דאָס פאָלק, און עס פאַרשטייט נישט...
אָ, פאָלק, דו אייביק לעמעלע! עס שערן דיך די שערער־יונגען און עס שערן דיך די וואָל־סטריט־מאַגנאַטן און עס פּצרענדיקן די פּאָליטיקאַנטן דאָס, וואָס עס האָבן נישט געענדיקט די מאַגנאַטן...
פּאָמפּאַדור וויל, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך אויפהערן לאָזן שערן.
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן קריכן און קריכער.

תּלמידים מיינע! ווי גוט עס איז צו קריכן אויף אַלע פיר, ווי גוט ס'איז צו זיין אַ קריכער!
קריכעריי — איז די מוטער פון דערגרייכן.
נישט אַלע שטאָלצע און הויך־געהייבענע קעפּ דערלאַנגען דעם הימל — מערער קלאַפּן זיי זיך אָן די נידעריקע סופיטן.
פריינט מיינע, פּאָמפּאַדור ווייס וואָס ער זאָגט!
וואָס מער אַ מענטש קריכט, אַלץ מער דערגרייכט ער. די גע־זעלשאַפט האָט גרויס אַכטונג פאַר די קריכער, פאַר די חזיר־גייסטער, וואָס שלעפּן זייערע פּיס מיט שטיקער בלאָטע, וואָס רוקן זייערע שנוקעס אין געמייזאַכץ.
די היינטיקע געזעלשאַפט איז שטאָלץ אויף אירע קריכער, אויף אירע פּויזנדיקע נשמות...
קריכן איז אַ נייטיקע זאַך, תּלמידים מיינע!
קריכן! גאָט פון זאַמד און ווערעם, ווי גוט ס'איז!

אַן אַרבעטער, וואָס קריגט פאַרן באַלעבאָס, האָט שטענדיק מער דערפאָלג, ווי דער שטאָלצער...

און אפילו אין ליבע געווינען אויך מערער די קריגער און די קליינע שיכלעך־לעקער...

קענסט זיך זיין שטאָלץ, ווי נאַפּאָלעאָן, האָבן אַ כאַראַקטער פון אַ צעזאַר, ווײסטו ביי אַ פרוי נישט געווינען, ווען דו ליגסט נישט צו אירע פיס.

און פאַרקערט — די קני־בויגער, די אויף־אַלע־פיר־פויזנדיקע פאַרליבטע, געווינען מערסטנס אַפילו ביי די דעכפּאָטישסטע פרױען.

תלמידים מיינע, לערנט זיך צו קריכן, און איר וועט האָבן דערפאָלג!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.



תלמידים מיינע! איצט איז פרילינג און איך וויל מיט אייך רעדן וועגן שטויב און ריינקייט.

פּאָמפּאַדור איז פאַר שטויב.

ריינקייט — דאָס איז אָפענע פענסטער, און אָפענע פענסטער — דאָס איז שמוץ פון גאַס...

און גלייכער שוין זינקען אין אייגענעם שטויב, איידער אין פרעמדן שמוץ.

שטויב — דאָס איז הייליקייט.

הייליקע ספרים — זענען ניין און ניינציק פּראָצענט שטויב און איין פּראָצענט הייליקייט.

נעמט אַוועק דעם שטויב פון אייניקע ספרים און ס'וועלן בלייבן אָרעמע געדאַנקען, צעשטעלטע אין שורות.

פּאָמפּאַדור איז פאַר שטויב.

אַ הויז אָן שטויב איז ווי אַ קוימען אָן רויך, ווי אַ גאַס אָן טומל, ווי פאַמיליע לעבן אָן קריג...

שטויב — דאָס איז דער גרויער חלום פון אונזער וואָר, דער סוד פון אַלטעגלעכקייט.

שטויב, — דאָס איז אַלץ: די גרויקייט פון בראשית, דער סוד פון ווערן און נישט ווערן...

בערג מיט שטויב — דאָס איז געשיכטע.

שטויב — דאָס איז דער אמתער פירער פון יעדער מחנה: פריער קומט דער שטויב, און נאָכדעם די פערד.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטיפט אין זיך און ער האָט ווייטער גערעדט:

שטויב—דאָס איז ל ײ ד ן. דאָס איז דער טאָג-טעגלעכער „אָנפאַל" אויף דער נשמה.

יעדער טאָג האָט זײַן קלאָג און יעדע רגע איר שטויב.

שטויב, ווי די זון: די זון שיקט אירע שטראַלן פאַר אַלעמען גלייך. דער שטויב פאַלט גלייך אויף געשליפענע שפּיגלען און אויף ערדענע כּלים, אויף זייד און אויף לייוונט, אויף קופּער און אויף גאָלד.

שטויב ווייסט נישט פון קלאַסן. פאַר שטויב איז נישטאָ קיין רייך און קיין אָרעם.

מער נישט, די רייכערע צווינגט ער צו האַלטן דינסטן אים צו ראַמען, און די אָרעמע ראַמען אַליין.

שטויב — דאָס איז די אייביקייט אַליין, וואָס פאַרשטויבט אונז אין איר שנעלן לויף.

פּאָמפּאַדור איז פאַר אַלע פאַרשטויבטע פון דער וועלט.

יעדע ריינע נשמה איז פאַרשטויבט.

וואָס קלענער דער קאָפּ, אַלץ פאַרשטויבטער איז דאָס היטל.

פאַרשטויבטע שיך דערציילן אייך, אַז י ע נ ע ר איז געגאַנגען צופוס, געליטן און געבלאָנדזשעט, געפּלאָגט זיך און געזוכט ערגעץ אין די ווייטע ווייטקייטן.

און נאָר דער, וואָס זוכט און בלאָנדזשעט, איז אויפן וועג צום אמת.

פּאָמפּאַדור האַסט אַלע צוכטן, די מענטשן, וואָס לאָזן אויף זיך נישט פאַלן קיין שטויבעלע...

ווי אָפּט פאַרמאָגט דער, וואָס האָט קיין שטויבעלע נישט אויף זײַנע קליידער, אַ נשמה פון אַ חזיר...

אַ פאַרשטויבטער מענטש — איז אַ מענטש מיט עפּעס מער...

אַלץ, וואָס לעבט און באַוועגט זיך, מאַכט שטויב און ווערט צו שטויב.

די קליידער פאַר דער נשמה, ווי די קליידער פאַרן גוף, שטויבן זיך.

פּאָמפּאַדור האָסט די, וואָס גייען אַרום און רייניקן פרעמדן שטויב פון פרעמדע אַקסלען און אַליין האָבן זיי פּודן בלאָטע אויפן געוויסן...

פּאָמפּאַדור אַנטלויפט פון די שטענדיקע אָפּשטויבער, פון די שטענדיקע בערשטלטרעגער, פון די, וואָס מאַכן דאָס קראַצן פרעמדע נשמות פאַר אַ פּראָפעסיע...

דאָס לעבן איז ווי אַ מיל, וואָס גיט צוגלייך אַרויס אי מעל צום לעבן, אי שטויב צו שעדיקן די לונגען...

פּאָמפּאַדור האָסט אויך די בערשטלעך.

בערשטלעך — דאָס זענען קאַליקעס-קריטיקער, וואָס האַלטן זיך פאַר וויכטיקער פון דעם פּראָפּעסערס שטויב.

בערשטלעך — דאָס זענען נאַרישע רעפאָרמער, וואָס קראַצן דעם שטויב פון אויבן און מיינען, אַז זיי קערן וועלטן.

תלמידים מיינע, רייניקט נישט קיין שטויב, ווארים וואָס מער איר וועט רייניקן, אַלץ מער וועט איר איינזען, ווי אומנוציק עס איז צו רייניקן...

תלמידים, פּאָמפּאַדור איז פאַר אַ וועלט פון שטויב, ווייל מער ווי שטויב פאַרמאָגן מיר אַלצאיינס נישט.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור, און האָט פאַרקלאַפּט דאָס פענסטער.

###### וועגן אַלטע און נייע פּרעזידענטן.

איך האָב בעסער ליב אַן אַלטן פּרעזידענט, איידער אַ נייעם, זאָגט פּאָמפּאַדור.

אַ נייער פּרעזידענט — איז אַ ניי קאָקעטיש חנדל פון דער אַלטער מאַדאַם פּאָליטיקע, צום אייביקן נאַר, דעם פאָלק; אַן אַלט-

געבאַקענער ליגן, אָפּגעפּרישט פונדאַסניי, אַ נייער זייפנבלאָז פון האָפענונג, וואָס פּלאַצט אַזוי שנעל, ווי זיין פאָרגייער.

אַן אַלטער פּרעזידענט — דאָס איז אַ טויטער פּאָליטישער שקר, אַ בר-מינן פון הבטחות און ישועות, וואָס וואַרט אויף קבורה.

דער בעסטער פּרעזידענט איז דער, וואָס פּרעזידענטעוועט צום ווינציקסטן; די סאַמע בעסטע פּרעזידענטן זענען די, וואָס האָבן געלעבט אַמאָל, אַמאָל, און דעריבער שטעלט מען זיי מאָנומענטן און מען קריצט אויס זייערע געזיכטער אויף מטבעות.

ווי דעם ר י ח פון אַן אָפּגעשלאָגענער הושענא, ווי דעם שטויב פון אַן אַלטן לוח, אַזוי האָב איך ליב דעם שמייכל פון אַ פּרעזידענט, וואָס פאַרלאָזט זיין שטול. אַזאַ שמייכל קען קיינעם נישט שאַטן...

דערפאַר אָבער האָב איך פיינט דעם שמייכל פון אַ הערשער, פון אַ לייצע-האַלטער, פון אַ טראָן-באַשטייגער, ווייל דאָס באַטייט אַ נייע געפאַר.

אַ נייער פּרעזידענט — הייסט אַ נייע סטאַדע הונגעריקע שטעל-זוכער און הויטשינדער אויף אַ נייעם ב ו ד ז ש ע ט.

אַ נייע נעץ, פאַרצויגן איבער ים פון שאַכער-מאַכער מיט נייע פאָלקכאַי-רעצלן.

אַ נייער פּרעזידענט — איז אַ נייער ראָמאַן מיטן פאָלק, אַ נייע טראַגי-קאָמעדיע, וואָס שפּילט זיך אין ו ו י י ס ן ה ו י ז-ט ע אַ ט ע ר גאַנצע פיר יאָר...

וואָס איז רעגירונג? — פרעגט איר.

און פּאָמפּאַדור ענטפערט: רעגירונג איז אַ טייער-טייערער קריג צווישן פאָלק מיט זיינע גוט באַצאָלטע רעגירער, וואו דאָס פאָלק ווערט שטענדיק [illegible] געפאַנגען און באַצאָלט נאָך קריג-קאָסטן.

רעגירונג — איז די געזעצלעך-באַרעכטיקטע געוואַלט, צו קאָנ-סטיטוציע פון פּאָליציייאישן „קלאַב“.

זעלבסטהערשונג איז אַ האָרב פון געבוירן;

קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג — איז דאָס פאַרקריפּלטע קינד פון פרייהייט.

די ק ל י ג ס ט ע צייט פאַרן פאָלק איז די צווישנצייט פון איין הערשאַפט און דער צווייטער, ווייל דעמאָלט זעט ער שאַרפער זיין רעכטלאָזיקייט.

דאָס ג ל י ק ל ע כ ס ט ע שטיקל צייט פאַרן פאָלק איז דער סוף

זמן פון פרעזידענטשאַפט, ווען דער אַלטער פרעזידענט לאָזט אַלץ איבער פאַרן נייעם און דער נייער האָט נאָך זיין ממשלה נישט געקריגן.

פאַמפאַדור טרוימט אַמאָל פון אַ ווייסן הויז אָן אַ פרעזידענט, פון אַ רעגירונג אָן אַ ווייסן הויז, — פון אַ פאָלק מיט פאַרשטאַנד.

פאַמפאַדור טרוימט אַמאָל פון אַ רעגירונג פון לויטער עקס-פרעזידענטן.

און ווען פאַמפאַדור האָט צוגעזען דאָס פרייען זיך פון פאָלק מיט דעם אויפטריט פון נייעם פרעזידענט, האָט ער אויסגערופן:

אָ, פאָלק! פרעזידענטן גייען און פרעזידענטן קומען, אָבער דער טראָן פון גערעכטיקייט בלייבט שטענדיק פוסט.

אַזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור אין דער צייט, ווען טאַפט איז אַרויף אויפן שטול.

וועגן יקר־ות אויף פאַפיר און ביליקייט פון געדאַנק.

און די תלמידים האָבן אַרומגערינגלט פאַמפאַדורן און אים גע-פרעגט, וואָס איז זיין מיינונג וועגן דעם יקרות אויף פאַפיר.

איז דאָס נישט קיין נאַציאָנאַלער אומגליק? שטעלט עס נישט אין געפאַר אונדזער קולטור?

און פאַמפאַדור האָט אַ שמייכל געטאָן און נאָכדעם אַזוי געזאָגט:

דער יקרות אויף פאַפיר איז נישט קיין אומגליק, נאָר אַ גליק.

פאַמפאַדור איז פאַר אַ *שטענדיקן* יקרות אויף פאַפיר.

זאָל אַלץ זיין ביליק: עסנוואַרג, ווי געטראַנקען. אָבער אויף גייסטיקער שפּייז און גייסטיקע געטראַנקען מעג זיין דער גרעסטער יקרות.

און אַ יקרות אויף פאַפיר הייסט—אַ יקרות אויף גייסטיקער שפייז און גייסטיקע געטראַנקען.

פאַמפאַדור איז בכלל קעגן פאַפיר.

ווען עס ווענדט זיך אָן פאַמפאַדורן, וואָלט מען אינגאַנצן אָפּ-געשאַפט דאָס פאַפיר פון דער וועלט, אָפּגעשטעלט אַלע פאַבריקן, וואָס מאַכן פאַפיר, און ממילא דאָס אַרויסגעבן ביכער און צייטונגען.

ווען מען נעמט אַראָפּ דעם גיגאַנטישן באַרג געדרוקט פּאַפּיר פון מענטשלעכן האַרצן, וואָלט די מענטשהייט זיכער פריי אָפּגעאָטעמט. זי וואָלט זיך אויפגעהערט צו שפּייזן מיט גרויסע געביכערטע געדאַנקען, נאָר זי וואָלט גענומען אַליין זוכן איר גליק...

פריי, פריי וואָלט געוואָרן די מענטשהייט, ווען מען באַפרייט זי פון די בערג פּאַפּיר, וואָס דריקן איר גייסט און פאַרשטויבן איר נשמה.

יונג, יונג וואָלט די מענטשהייט געוואָרן. יונג און פריש פונדאָסניי.

איר האַרץ וואָלט צוריק אָנגעהייבן קלאַפּן מיט דעם ריטם פון די ערשטע דורות...

פּאָמפּאַדור טרוימט וועגן אַ פּאַפּירלאָזער מענטשהייט.

פּאַפּיר איז, לויט פּאָמפּאַדורן, נאָך דער תּפיסה, די מיאוסטע דערפינדונג פון דעם מענטשן.

פּאַפּיר, ווי די תּפיסה, האָבן אַוועקגערויבט די פרייהייט פון מענטשן, צו באַוועגן זיך לויט זייער אייגענעם ווילן...

פּאַפּיר איז די גייסטיקע מוטער פון דער היינטיקער דעמאָקראַטיע. יעדער איינער טראָגט זי, די דיזיקע דעמאָקראַטיע, אין קעשענע, ווי אַ צייטונג — און דערום איז זי אַזוי ביליק.

פּאַפּיר איז די מוטער פון דער מאַרקשרייענדיקער עפנטלעכקייט, די הענדלערין מיט שטיקער נשמה פאַר גראָשנס, די באַשאַפערין פון שרייבן אַלס פּראָפעסיע.

פּאַפּיר איז דער פאַרשווערער פון גאָטס וואָרט. ווען נישט דאָס פּאַפּיר, וואָלט גאָטס וואָרט געווען הייליקער, וואָלט דער פרייז אויף נשמה־פּראָדוקטן געשטיגן.

פּאַפּיר איז די היים פאַרן ליגן. דער ערשטער ליגן האָט געפונען זיין דירה אויפן פּאַפּיר.

פּאַפּיר איז דער מעצענאַט פון יעדער טאַלענטלאָזיקייט. די ערשטע טאַלענטלאָזיקייט איז אַרויסגעפירט געוואָרן דורך פּאַפּיר...

פּאַפּיר האָט געגעבן די מעגלעכקייט יעדן עקר פון געדאַנק און יעדן סריס פון געפיל צו ווערן אַ דענקער און אַ פּאָעט.

ווען נישט דאָס פּאַפּיר, וואָלטן מיר נישט פאַרמאָגט אַזויפיל שרייבער און וואָרטזאָגער, וואָס האָבן גאָרנישט וואָס צו זאָגן, אויסער דעם צושטעלן אַ סך פּאַפּיר צום דרוק.

און פּאָמפּאַדור האָט אַ קרעכץ געטאָן און האָט ווייטער גערעדט.
פּאַפּיר, דאָס איז דער שרעקלעכער הויקער פון אונזער ציווי־ליזאַציע.
תּלמידים! ווי גליקלעך איך וואָלט געווען, ווען איך וואָלט אייך געקענט פאָרשטעלן אַ פּאַפּירלאָזע מענטשהייט!
נאָר אויב אָן פּאַפּיר איז אונז נישט מעגלעך צו לעבן, ווי אָן פרויען, איז זאָל, לכל הפּחות, זיין אַ יקרות אויף פּאַפּיר, ווי אויף ראַדיום!
זאָל די אַרויסגעבער אָנקומען וואָס שווערער צו קריגן פּאַפּיר, וועלן זיי דרוקן נאָר דאָס שענסטע, דאָס קירצסטע און דאָס ניצלעכסטע.
זאָל די שרייבער אָנקומען וואָס טייערער צו קריגן פּאַפּיר, וועט ער נישט אַזוי שנעל פאַרקנסן זיין געדאַנק מיט פלאַכקייט...
זאָל יעדער שיינער געדאַנק ווערן ביי דעם שרייבער, ווי אַ מיאוסע טאָכטער, וועלכע עס איז שווער אויסצוגעבן...
זאָל בכלל דאָס נוצן פּאַפּיר דערלויבט ווערן פאַר יחידים, פאַר אויסדערוויילטע.
פּאָמפּאַדור איז פאַר דעם אַלגרעסטן יקרות אויף פּאַפּיר!
אַ יקרות אויף פּאַפּיר הייסט ביי פּאָמפּאַדורן געדאַנקען־קאָנטראָל.
און געדאַנקען־קאָנטראָל איז נאָך פיל נוצלעכער, ווי קינדער־קאָנטראָל.
ווייל ווי די גליקלעכסטע קינדער זענען די נישט געבוירענע. אַזוי זענען די גראָטנסטע געדאַנקען די נישט געשריבענע, און די שענסטע געפילן די, וואָס בלייבן ליגן אויפן דעק פון הארצן.
דאָס זענען די פּערלען אויפן גרונט פון ים.
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

עגן סדרים און קשיות.

און פּאָמפּאַדור האָט צוגעזען, ווי דער עולם האוועט און שמייעט, כשרט און שייערט און גרייט זיך צו די סדרים, האָט ער זיך פאַר־טראַכט און אַזוי געזאָגט:

תּלמידים! איך האָב נישט ליב קיין סדרים.

סדר—דאָס באַדייט פאַלשער וויין, פאַלשע מלכים, פאַלשע מלכות און אַ פאַלשע מלוכה. און מיר איז שוין ליבער עכטע שקלאַפעריי, עכטע שקלאַפן און עכטע מעטרעסעס...

פּאָמפּאַדור גלויבט בכלל נישט אין קיין סדרים.

סדר—דאָס איז בורזשואַזע אָרדענונג, באַלעבאַטישע געמיטלעכקייט, אַ קישעלע פאַר דעם געוויסן...

סדר—דאָס זענען אויסגעצייכנטע כּוסות, מיט אַ ברכה פ אַ ר יעדן כּוס און מיט אַ טרוקענער זאָגעכץ נאָך יעדן כּוס.

סדר—דאָס זענען פעטע קניידלעך פ אַ ר ן מ אָ ג ן און מכות פאַרן גייסט.

סדר—דאָס איז אַ „כּל דכפין ייתי וייכול", מיט אַ פאַרריגעלטער טיר.

ניין,—איך האָב נישט ליב קיין סדרים.

גיט מיר בעסער די אומאָרדענונג, דעם ערב-סדר, דאָס מאַרשירן צום ים, דאָס גיין איבערן ים, דעם קאַמף מיט פּרעהס רייטוועגן. מיר געפעלט עס בעסער, איידער דער רויקער סדר נאָך דעם אַריבערגיין דעם ים.

איך האָב ליבער דעם „ויצעקו בני ישראל", דעם געשריי פאַר פרייהייט, איידער דעם זיגרייכן „אז ישיר", דערהויפּט נאָך ווען ער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ שיכּורן חד-גדיא.

איך האָב ליב אומאָרדענונג!

אומאָרדענונג — דאָס איז דער אייביקער תּהו-ובהו, וואָס שאַפט די פרייהייט און דעם אייביקן שטרעבן צו נאָך פרייערער פרייהייט! דאָס איז דאָס טרינקען פון גליק-בעכער אָן אַ ברכה.

אומאָרדענונג — דאָס איז די „היסב-בעט" פאַרן רעוואָלוציאָנערן גייסט; די פרייהייט-פאָן, וואָס פלאַטערט אין די גאַסן און וויל נישט שימלען אין אַ ווינקל...

סדר—דאָס זענען בלויז פיר קשיות; פרעגן מער טאָר מען נישט. דאָס איז דער אָנגעשריבענער ענטפער, די פאַרטיי-פּראָגראַם פון גייסטיקע אינוואַלידן.

אומאָרדענונג — דאָס איז די פרייע פּלאַטפאָרמע פאַר אומציילקע קשיות פון לעבן און טויט, קנעכטשאַפט און פרייהייט, וועלכע קענען נ י ש ט פאַרענטפערט ווערן פון פאַרטיי-הגדות.

סדר — און מעג עס אפילו זיין די צוקונפטיקע געזעלשאַפט פון קאַרל מאַרקס, פּאָמפּאַדור קען אים נישט ליידן!

אומאָרדענונג—דאָס איז די פרייהייט פון צוקונפט-מענטש, וואָס וויל נישט האָבן קיין באַשטימטן פּנים, אַפילו נישט קיין מאַרק-סיסטישן...

סדר—דאָס איז רעטושירטע פרייהייט, אַ מיידעלש פּנים, אויסגעצגלעט פון אַ געשייטן פאָטאָגראַפּשטשיק.

אומאָרדענונג—דאָס איז דער נעגאַטיוו פון פרייהייט.

תּלמידים! איך וויל פרייהייט אָן אַ סדר!

און אויפגעהייבן האָט פּאָמפּאַדור זיינע הענט און אַזוי גערופן:

אָרעמע מענטשן! האָט קיין מורא נישט פאַר אומאָרדענונג, פאַר רעוואָלוציע, שטרייקן און סאַבאָטאַזש! זיצט בעסער אין טורמע, אַבי פרעגט וואָס מער קשיות.

פּאָמפּאַדור האָט זייער ליב די קשיות-פרעגער, די אייביק אומ-צופרידענע.

פרעגט וואָס מער, וואָרים יעדע איינציקע קשיה איז מיר ליבער, ווי הונדערט ענטפערס.

פרעגט אַ סך, ווייל נישט פרעגן איז דער פונדאַמענט פון זעלבסט-הערשונג, דאָס געווער פון דעספּאָטן.

פרעגט אַ סך און וואַרט נישט אויף קיין ענטפערס, ווייל יע-דער ענטפער איז אַן אַנטשיידונג און אַנטשיידונג איז — טויט.

פרעגט: „וואָס איז לעבן"? — אָבער לאַכט פון די ענטפערס! ווייל קיין ענטפער איז נישטאָ אַפילו ביי פילאָזאָפן. יעדער ענטפער איז בלויז אַ פילאָזאָפישער מאַנעוור אַרויסצודרייען זיך פון אַן ענטפער.

דערפאַר האָב איך ליב די פּאָעטן: זיי זענען נאַריש גענוג צו פרעגן און נישט קלוג גענוג צו ענטפערן.

פרעגן — דאָס איז פּאָעזיע פון האַרצן; ענטפערן, — דאָס איז פּראָזע פון מוח.

פרעגן — דאָס איז די שיינקייט פון אייביקן ציטער פון דער נשמה, פון אייביקן הונגער פון גייסט.

ענטפערן, — דאָס איז דער שלוקערץ פון די זאַטע, דער גענעץ פון די בויך-מענטשן...

זאָל לעבן דער אייביקער פראַגעצייכן, דער שטענדיקער „מה נשתנה״!

לאָזט גיין דעם „עבדים היינו״ מיט די פוילע תירוצים!

פרעגן קשיות, — דאָס איז קינדערשע נאַיִוויטעט, דאָס איז די אומשולד פון מלאכים; ענטפערן—דאָס איז די מלאכה פון דערוואַקסענע און זינדיקע.

און דערום פרעגן קינדער מער, ווי די עלטערן זענען בכוח זיי צו ענטפערן.

תלמידים! איך האָב פיינט די היינטיקע איינגעסדרטע פרייהייט. פרייהייט הייסט ביי מיר, ווי דער ווינט אין מדבר, ווי די וואָלקנס אויפן הימל, ווי די כוואַליעס איבערן ים.

תלמידים! מאַכט נישט פון אייער פרייהייט קיין סדר, קיין צערעמאָניע, שטרעבט צו פרייהייט אָן סדרים!

אזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

פרעגן שניי, וואָס פאַלט אין שטאָט.

און פאַמפאַדור איז געשטאַנען ביים פענסטער פון זיין דירה, געקוקט אויפן שניי, וואָס איז געפאַלן אינדרויסן.

און די תלמידים זענען געשטאַנען דערביי און האָבן דאָס צוגעקוקט און זיי האָבן אָנגעקוואָלן פון דעם שניי, וואָס פאַלט און דעקט צו די ערד.

און פאַמפאַדור האָט זיך אָנגערופן: תלמידים, ווי איך זע, געפעלט אייך זייער דער שניי, וואָס פאַלט, מיך אָבער ערגערט ער.

בטבע איז פאַמפאַדור נישט קיין אומעטיקער. זעט ער אָבער דעם ווייסן, קלאָרן שניי, פאַלנדיק פון הימל אויף דער שוואַרצער שטאָטישער ערד, ווערט ער זייער א ו מ ע ט י ק.

פאַמפאַדור איז פאַרליבט אין דעם שניי, וואָס פאַלט אויף פוסטע וועלדער און וויסטע פעלדער. ער האָט אָבער פיינט דעם שניי, וואָס באַדעקט די גרויסשטאָטישע גאַסן.

שניי, וואָס פאַלט אין שטאָט, דאָס איז מיידלשע אומשולד, וואָס ווערט פאַרשוועכט פון אַן אַלטן בעל־עבירה.

און וואָס איז די גרויסע שטאָט, אויב נישט אַן אַלטער בעל־עבירה?

שניי, וואָס פאַלט אין שטאָט — דאָס איז אַ פריילעך דאָרפס־מיידל, וואָס קומט אין שטאָט און ווערט אַ געפאַלענע.

שניי, וואָס פאַלט אין שטאָט — דאָס זענען אידעאַלן, וואָס קומען פון דער הויך. זיי האָבן נישט קיין קיום אין דער נידער. דאָס איז הימלישע ריינקייט, וואָס חברט זיך מיט בלאָטע.

און פאַמפּאַדור האָט אַ ווײַלע געשוויגן, געקוקט אויף די מענטשן מיט די גראָבאַייזנס, וואָס זענען געקומען צוועקשאַרן דעם שניי און אַזוי געזאָגט:

שניי, וואָס פאַלט אין שטאָט — דאָס איז הימלישע צדקה, געטיילט פון אַ פילאַנטראָפּישן גאָט. דאָס איז, אין בעסטן פאַל, אַ פאַרזוך פון הימלישע נגידים צו לעזן די פראַגע פון אַרבעטלאָזיקייט אויף דער ערד.

אוי, ווי פאַמפּאַדור האָט נישט ליב די שניי־ראַמער. מענטשן, וואָס גאָר אַ שטיקל שוואַרץ ברויט טוען זיי צעטרעטן און פאַרשאַרן דאָס ריינסטע און דאָס שענסטע. מענטשן, וואָס קענען מיט איין און דעמזעלבן בעזים צעטראַמפּלען דאָס זויבערסטע, ווי דאָס שמוציקסטע.

און, אוי, ווי פאַמפּאַדור האָט פײַנט די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט, וואָס יאָגן און אײַלן און טרעטן מיט זייערע פיס אויף בערג שניי, ווי אויף קופּעס מיסט, אויף מענטשלעכע קערפּער, ווי אויף הילצערנע טראָטואַרן.

און פאַמפּאַדור איז אָפּגעטרעטן פון פענסטער, אַן אומעטיקער און אַ פאַרבענקטער, און ער האָט אַזוי געזאָגט:

תלמידים! שניי איז נישט פאַר דער שטאָט: די שטאָט איז נישט פאַר ריינע זאַכן... שניי דאַרף פאַלן אין דאָרף, וואַלד און פעלד. דאָרט קען אים קיינער נישט טרעטן. דאָרט בלענדט ער דאָס אויג מיט זיין ווייסקייט וואָכן־ און חדשים־לאַנג, ביז עס קומט די פרילינג־זון און צעשמעלצט אים.

און ווייסט איר, וואָס איז פאַמפּאַדורס וואונטש?

פאַמפּאַדורס וואונטש איז, אַז מען זאָל דעם שניי נישט אַוועקנעמען פון די גאַסן.

ווען די שטאָט-טאַטעס פאָלגן פאַמפאַדורן, באַפעלן זיי צו פאַר־שפאַרן טיר און טויער און פאַ בעטן דאָס פאָלק גרויס אין די גאַסן, בעת דער שניי פאַלט פון הימל און אַ פאַר וואָכן נאָכדעם.

זאָל דער שניי פאַלן און פאַלן, זאָל ער באַדעקן די העכסטע הייזער אריבער די דעכער.

זאָלן די וואוינונגען פון די גרויסשטאָטישע מענטשן אויסקוקן, ווי היילן פון ווילדע חיות אין טיפע וועלדער. דאָס וואָלט געווען לעבנסטרייער און אמתער, ווייל זענען דען די גרויסשטאָט-מענטשן מער ווי חיות?

און פאַמפאַדור האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט און נאָכדעם אַזוי געזאָגט:

אָ, שניי-ריינע אידעאַלן פון מיין הימל, וואו זענט איר?

האָט מען אייך אַוועקגערוימט מיט די מיסטוועגן פון דער גרויסער שטאָט?

אָ, אידעאַלן מיינע: פאַרוואָס זענט איר נישט קיין שניי-פּיל־קעס אין די ריינע קליינע הענטלעך פון קינדער ערגעץ ווייט פון שטאָט?

אַזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

ווענן נאַטור-אומגליקן און נייע אמתן.

און ס'איז געווען נאָך אַ גרויסער פאַרפלייצונג, און פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן קולות צו פאַמפאַדורס אויערן: אַ גרויס אומגליק! אַ גרויס אומגליק!

און פאַמפאַדור האָט אַזוי געזאָגט: ס'איז קיין אומגליק נישט, שולדיק איז דער פרילינג...

פרילינג — דאָס איז דער איבערפלוס פון געפילן, ביי דער נאַ־טור, ווי ביים מענטשן.

און יעדער איבערפלוס איז אַן אומגליק.

איבערפלוס פון געפילן ברענגט צו ליבע.

איבערפלוס פון וואַסער ברענגט צו פאַרפלייצונגען.

„די נאַטור איז שולדיק!“ — הער איך שרייען פון איין זייט.
„קאַפּיטאַל איז שולדיק! — הער איך שרייען פון דער צווייטער זייט.

פּאָמפּאַדור באַשולדיקט קיינעם נישט.

פּאָמפּאַדור זאָגט: ווען מענטשן וואָלטן געזעסן אַ ביסעלע העכער, וואָלט זיי קיין פאַרפלייצונג נישט דערגרייכט.

ווען מענטשן וואָלטן פאַרמאָגט אין זיך מער פייער, וואָלט זיי קיין פייער נישט געשאַדט...

באַרויקט זיך און הערט פּאָמפּאַדורן:

קיין אַבסאָלוט אומגליק איז גאָרנישטאָ; יעדער אומגליק איז אַ גליק פאַר אַ געוויסן טייל פון דער מענטשהייט.

אַ גרויס אומגליק איז אַ גליק פאַר צייטונגען און קברות-לייט.

אַ גרויס אומגליק איז אַ גליק פאַר פאָלקס-פאַרטומלער און און נדבה-קלויבער.

א גרויס אומגליק איז אויך אַ גליק פאַר גאָט.

צו וואָס באַשולדיקן?

איך האָב ליב דעם פאַרצייטיקן מענטשן.

איך האָב ליב דעם פאַרצייטיקן מענטשן מיט זיין גלויבן אין אַ העכערער קראַפט.

ער האָט אין צייט פון אַ מבול געבויט אַ קאַסטן און זיך געראַטעוועט.

און דער היינטיקער האָט גרויסע שיפן, גאַנצע שטעט אויפן וואַסער און קען זיך נישט ראַטעווען...

גוטע מענטשן, באַשולדיקט נישט די נאַטור!

פּאָמפּאַדור איז זיכער, אַז די נאַטור איז אַ פרוי; די נאַטור וויל שטיפן און מוז שטיפן; די נאַטור איז לייכטזיניק, ווי אַ צען יאָריק מיידעלע און ווילד-פאַרשייט און קאָקעטיש, ווי אַן אכצן-יאָריקע.

און יעדער שטיף קאָסט קרבנות. פרעגע די יונגעלייט, און זיי וועלן אייך דערציילן.

די נאַטור איז די אייביקע פרוי, די בייזע און די גוטע, די שלאַנג און די טויב צוזאַמען.

איר קענט זי נישט פיינט האָבן, כאָטש זי טוט אייך שלעכטס, כאָטש זי זינקט די שיפן פון אייערע האָפענונגען און פאַרפלייצט אייערע העכסטע טרוימען.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פּאַרטראַכט און ער האָט ווײַטער גערעדט:

איר ווייסט, פאַרוואָס איך האָב ליב אַן אומגליק? — ווײַל דורך אים זע איך צום שטאַרקסטן די אנמאַכט פון דעם מענטשן; איך האָב ליב צו זען, ווי עס צאַפּלט זיך דער מאָדערנער קולטור-טרעגער, לופטשיפן-באַזיצער און ראַדיאָ-אייגנטימער, וואָס באַרימט זיך, אַז ער האָט שוין באַלד אַלץ דערפונדן...

יעדעס גרויסע אומגליק איז בײַ מיר אַ פּראָטעסט קעגן די דער־פינדער.

פאַרוואָס געפינען זיי נישט אויס אַ גאַרטל פאַרן שטורעמדיקן ים אנשטאָט אַ קאָרסעט פאַר דער פרוי?

יעדעס גרויסע אומגליק איז דער גרויסער לאַך פון דער נ דעם שטאָלצן מענטשן אין פּנים אַרײַן.

תּלמידים! איך האָב ליב די גרויסע שטורעמס, די גרויסע פאַרפלייצונגען און די גרויסע וואַלד-פײַערן, ווײַל זיי זענען דער אויסדרוק פון גבורה און העלדישקייט.

איך האָב פײַנט די זעפּיר-ווינטלעך, די זײַדענע לאָנקעס, די פאַרשלאָפענע טײַכלעך, — ווײַל זיי זענען סימנים פון שוואַכקייט.

תּלמידים! יעדעס אומגליק איז אַ גליק. יעדעס פאַרפלייצונג איז אין דערזעלבער צײַט אויך אַן אָפּשווענקערין פון אומרייניקייטן און מיאוסקייטן.

איך שרעק זיך נישט פאַר נאַטורס צאָרן; די מענטשלעכע טעמפּ־קייט איז פיל שרעקלעכער.

יעדע קליינע מלחמה קאָסט פיל מער, ווי צען פאַרפלייצונגען.

אַ נאַטור-אומגליק איז אַ מאַסן-מאָרד אָן אַ פּלאַן; מלחמה איז אַ געפּלאַנטער מאַסן-מאָרד.

אַ נאַטור-אומגליק איז אַ קריג אָן דיפּלאָמאַטיע און אָן הכשרים פון געקרוינטע אידיאָטן...

די ביקס האָט מער לעבנס אומגעבראַכט, ווי הונדערט פײַער־שפּײַענדיקע בערג און פאַרפלייצונגען.

פּאָמפּאַדור שרעקט זיך נישט פאַר נאַטור-אומגליקן!

בעסער צעפּאַטשט ווערן פון אַ פרײַער כוואַליע, איידער פאַר־שאָטן ווערן אין אַ פינסטערער קוילנגרוב.

בעסער פאַרשפּייט ווערן פון אַ פייערבאַרג, איידער דערשטיקט ווערן יעדן טאָג פון פאַבריק-שקלאַפעריי.

בעסער שטאַרבן אויף אַ שיף אינמיטן ים, איידער אין אַ פינסטערן פייכטן קעלער.

תּלמידים מיינע! האָט נישט מורא פאַר נאַטור-אומגליקן. זיי ברענגען נייע אמתן, שאַפן נייע תּורות פאַר דער וועלט און שטויסן די געזונקענע מענטשהייט צו נייע הויכקייטן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

## וועגן זעלבסטמאָרד און טויט.

תּלמידים, — האָט אויסגערופן פּאָמפּאַדור,—באַלד איז פרילינג, און איידער די זון וועט זיך צעוואַרעמען, וויל איך אַריינכאַפּן און און רעדן צו אייך וועגן זעלבסטמאָרד און טויט.

איך האַלט מער פון אַ זעלבסטמערדער, ווי פון אַ געוויינלעכן בר-מינן, ווייל איך האַלט שטענדיק מיט דער מינאָריטעט, און דערווייל שטאַרבן נאָך אַלץ מער מענטשן דורכן מלאך-המות און דורכן דאָקטאָר, איידער דורך אייגענער מי און פאַרלאַנג.

איך בין פאַר זעלבסטמאָרד! ווייל באַגיין זעלבסטמאָרד הייסט ביי מיר שטאַרבן מיט דעם אייגענעם טויט.

שטאַרבן ווי געוויינלעך — הייסט ביי מיר שטאַרבן נאָך דעם אייביקן פאַסאָן פון מלאך המות...

אָ, איר שוואַכע ברואימלעך, הערט זיך צו:

זעלבסטמאָרד, דאָס איז דער פּראָטעסט קעגן לעבן, דער שפּיי אין פּנים אַריין דעם מלאך-המות, די פאַרניכטונג פון אַ פעסטונג, אַנשטאַט זי איבערגעבן צום שונא.

טויט—דאָס איז אַ טראַטואַר, געלייגט פון דער מלאך-המות-רעגירונג, — אַלע מוזן אויף אים גיין...

זעלבסטמאָרד—דאָס איז אַראָפּ פון טראַטואַר; דאָס איז אַ שפּאַציר אינמיטן גאַס, דאָס איז אַ וועג פאַר זיך אַליין.

און אַז איר ווילט נישט זיין אַזוי ערנסט, וועל איך אייך זאָגן:

זעלבסטמאָרד — דאָס איז ראַזירן זיך אַליין, דאָס איז פרייהייט פון צעשניידן זיך אַליין.

טויט — דאָס איז וואַרטן אויף דער ריי אין ראַזירהויז...

און ווילסט איר נאָכמער, זאָג איך:

טויט, דאָס איז הייראַט דורך אַ שדכן.

זעלבסטמאָרד—דאָס איז הייראַט דורך ליבע.

שטאַרבן, ווי געוויינלעך, הייסט זיין אַ פיינער בירגער אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

זיין אַ זעלבסטמערדער—הייסט שטאַרבן אָן דער דערלויבעניש פון דאָקטאָר, נישט אנערקענען קיין רעצעפטן, אויסלאַכן בעלי־חובות, אָפּטאָן דער גאַנצער וועלט אַ שפּיצל...

און אַ שאַרפער קנייטש האָט זיך באַוויזן אויף פּאָמפּאַדורס שטערן און ער האָט אַזוי געזאָגט:

אָרעמע מענטשן, פאַרוואָס זענט איר אַזעלכע שונאים פון זעלבסטמאָרד און פריינט פון מאָרד?

פאַרוואָס מאָרדעט איר אויף רעכטס און לינקס אָן רחמנות און האָט פיינט, ווען איינער דערמאָרדעט זיך אַליין?

פאַרוואָס מוז מען ביי אייך אַפילו שטאַרבן קאָלעקטיוו און באַגראָבן ווערן, לויט אַ קאָסטיטוציע פון אַ פאַריין?...

נאַרישע מענטשן! פאַרוואָס האָט איר ליב דאָס כאָרכלען פון אַ גוסס און האָט פיינט דעם הילכיקן שאָס פון אַ זעלבסטמערדער?

פאַרוואָס מוזט איר וואַרטן ביז אייער קערפּער ווערט אַ חורבה און צעוואָרפט אַ בנין גלייך ווי ער ווייזט נאָר סימנים פון פוילקייט?...

אַ זעלבסטמערדער איז פריער פון אַלץ נישט קיין פחדן...

נעמען זיך אַליין דאָס לעבן איז דאָסזעלבע, ווי צו לעבן אַליין. דערצו דאַרף מען האָבן קוראַזש...

אָ, איר האָזן אין מענטשנגעשטאַלט, זאָגט, פאַרוואָס קענט איר אַליין נישט ענדיקן אייער לעבן?

תלמידים! דער צוקונפטיקער מענטש וועט זיין דער זעלבסט־הערשער אויף זיין לעבן און אויף זיין טויט...

איך בין פאַר זעלבסטמאָרד, ווייל איך בין פאַר זעלבשטענדיקייט...

איך וויל פרייהייט פון טויט, ווייל איך וויל פרייהייט פון לעבן!...

ווען אַ מענטש קען נישט געבוירן ווערן ווען ער וויל, דאַרף ער אָבער קענען שטאַרבן ווען ער וויל.

אוי, ווי איך האס די געשעפטלייט פון טויט, די העידלער פון תכריכים, די פעדלער פון טרערן, די סוחרים פון לוויות, די קרקע-פארקויפער און פושקע-קלאפער!...

איך וויל שטארבן פלוצלונג!...

פארוואס פאלט א שטערן פלוצלונג פון הימל אראפ?

איך וויל זיין א פאלנדקער שטערן!

איך וויל אפילו נישט ווארטן ביז דער פרימארגן וועט מיך אויסלעשן!...

נאכדעם האט זיך פאמפאדור א ביסעלע בארויקט און אזוי געזאגט:

פריינט! אלע זעלבסטמארדן זענען שיין.

א שאס אין שטערן — דאס איז א פאעטישער טויט. דאס איז קלאנג און ריטם.

נעמען זיך דאס לעבן דורך סם, — דאס איז א פילאזאפישער טויט, דאס איז נודנע, לאנגווייליק און צעצויגן.

דערטרינקען זיך, — דאס איז ליבע-טויט. ווייל ליב האבן הייסט פארלירן דעם קאפ, אננעמען די אויערן פול מיט וואסער, פארגיסן די אויגן מיט שוים נישט הערן און נישט זען דעם טיפן אפגרונט, וואס ציט אייך אוועק אין זיין שויס...

און דערמאנט האט זיך פאמפאדור אן זיין ליבע, וואס ער קען נישט פארטיליקן פון הארצן, און אויסגערופן האט ער אזוי:

אומגליקלעכע פארליבטע! נעמט זיך דאס לעבן צוליב ליבע, נישט צוליב א פרוי!

פרויען זענען דא פיל, ליבע — נישט.

קענסטו מער נישט ליבן, שיס זיך אריין א קויל אין שטערן...

ווייל דו ביזט אלצאיינס שוין א בר-מינן...

תלמידים! לערנט זיך צו שטארבן זעלבשטענדיק!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

„... און ווידער איז אַ יאָר פאַרזונקען אין דעם ים פון אייביקייט“, — אַזוי זאָגן אַלע דיכטער, ליגנער און פראַזן-פלעכטער.

פּאָמפּאַדור האַלט נישט פון פראַזן.

פאַר פּאָמפּאַדורן זענען נישטאָ קיין אַלטע און נייע יאָרן.

פּאָמפּאַדור לאַכט פון דעם קאַלענדאַר, ווי פון דעם זייגער. נישט געוואוסט האָט דער מענטש ווי צו לעבן, איז אים לאַנגווייליק געוואָרן, האָט ער גענומען אַ שטיק האָלץ, אויסגעקריצט אויף אים אַ ציפערבלאַט, באַשטימט די צייט און זיך געזעצט נודיען...

נודנע איז אים געוואָרן, דעם מענטשן, צו שפּאַנען פריי, ברייט און מונטער אין דער אייביקייט, האָט ער גענומען אַ בלעטל, אויפגעשריבן אויף אים טעג, וואָכן און חדשים און געמאַכט אַ קאַלענדאַר.

פּאָמפּאַדורן איז וואויל אָן קאַלענדאַרן און אָן זייגערס... אויב ער האַלט שוין יאָ פון אַ זייגער, איז בלויז פון עכטן גאָלד, ווייל אַזאַ איז גוט אַמאָל צו פאַרזעצן. און אויב ער האַלט נאָך פון קאַלענדאַרן, איז דאָס בלויז פון די, וואָס מען קען יעדן טאָג אַרונטעררייסן פון זיי אַ בלעטל.

פּאָמפּאַדור האָט ליב אַרונטערצורייסן טעג.

שטייסט אויף אינדערפרי, גיסט אַ ריס אַ בלעטל און נישטאָ קיין טאָג.

31 אַזעלכע ריסן און – אויס מיט אַ חודש.

365 ריסן און — אַ סוף מיט אַ יאָר.

דאָס איז אַ שפּיל מיט דער אייביקייט, מיינע פריינט.

פּאָמפּאַדור רייסט און לאַכט...

וואָס זענען אַלטע און נייע יאָרן? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

איך וואָלט געגלויבט אין די נייקייט פון יאָרן, ווען אויף מאָרגן, נאָכן אַלטן יאָר, וואָלט איך דערזען אַ נייעם הימל איבער מיין הויט, אַ נייע ערד אונטער מיינע שיך, נייע מענטשן מיט נייע שוואַרצאַפּלען אין די אויגן. אַזוי אָבער, וואָס איז דער חילוק צווישן אַלט און ניי?

איך פרעג אייך, ווען איך וואָלט נישט געקראָגן קיין אומזיסטיקן קאַלענדאַר, וואָס וואָלט מיר דערמאַנט, אַז עס איז אַ נייער טאָג פון אַ נייעם יאָר?

תלמידים! ווען איר פארקלויבט זיך אין א געדיכטן וואלד, וואו עס קרייען נישט קיין הענער, וואו עס קלאפן נישט קיין זייגערס און עס הענגען נישט קיין קאלענדארן, וועט איר דען נישט אלט ווערן?

און ווען איר וואוינט אין שטאט און ציילט די יארן, קענט איר דען אייביק יונג זיין?

פאמפאדור גלויבט נישט אין אייביקער יוגנט, דערום לאכט ער פון דער צייט; ער ווייסט אן דעם לוח, וויפל יארן ס'רוען אויף זיינע פלייצעס...

דערפאר פאלן דאך ביי אים אויס די האר פון קאפ און עס מערן זיך די קנייטשן אויף זיין פנים...

תלמידים! ווען איך שטעל, למשל, א דין שטעקעלע אין ים און זאג אייך: דערמיט וועל איך אויסמעסטן די טיפקייט פון זיינע וואסערן, וועט איר פון מיר נישט לאכן?

אויב אזוי, לאכט פון די מענטשן, וואס ווילן מיט א דין בלעטל פון א קאלענדאר מעסטן די אייביקייט!

תלמידים מיינע! קערט אום דעם קאלענדאר מיט די ציפער צו דער וואנט, לאכט פון אלטע און נייע יארן!

אזוי האט גערעדט פאמפאדור.

וועגן ציין און דאנטיסטן.

נעמט ארויס אייערע ציין, מיינע פריינט! — זאגט פאמפאדור.

דער צוקונפט-מענטש דארף נישט האבן קיין ציין.

דער מענטש ווערט שוין היינט געשאצט נאך די ציין נאך:

וואס מערער געזונטע ציין ער האט אין מויל, אלץ פרימיטיווער איז ער.

און וואס מער ציין עס פעלן אים, אלץ קולטורעלער איז ער.

ציין זענען א סימן פון געזונט, פון געזונטע שפייזן און פון נאענטקייט צו דער נאטור.

ציין זענען אַ סימן פון נאַטירלעכקייט. דער גאַר אַמאָליקער מענטש האָט געמוזט געברויכן זיינע ציין אין קאַמף מיט זיין שונא, דער היינטיקער האָט בעסערע מיטלען...

אין דער צוקונפט וועלן מענטשן ווייך זיין און בלויז ווייכע זאכן שלינגען.

איצט איז נאָך דער גאָלד־פעריאָד אין מויל, אָבער מיט דער אָפּשאַפונג פון גאָלד וועט דעם מענטשנס מויל ווערן פוסט, ווי דאָס האַרץ זיינס.

אַ מויל אָן ציין — הייסט זיין דערפאַרן און גרויסשטאָטיש.
ציין זענען היינט איבעריק, ווי ס'זענען איבעריק די אויגן.
דער צוקונפט־מענטש וועט אַלץ געפינען פאַר זיך צעקייט.

ער וועט בלויז דאַרפן שלינגען, און דערום בלויז היטן דעם שלינג־אָרגאַן.

געבענטשט זאָלסטו מיר זיין, דו צוועגלער פון דאַנטיסט, דו רייסט זיך צום צוקונפט־מענטש!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן אַנטיסעמיטיזם און גענ׳אַליטעט.

און די תלמידים האָבן זיך צערעדט וועגן אַנטיסעמיטיזם און זיינע שלעכטע רעזולטאַטן פאַר דעם יידישן פאָלק, און זיי האָבן באַדויערט, וואָס די שנאה צו יידן איז אַ גוט געשעפט אפילו אין אַזאַ פרייען לאַנד, ווי אַמעריקע.

און פּאָמפּאַדור איז געזעסן אַ שווייגנדיקער צווישן זיי, און אַ שמייכל האָט געשפילט אין די ווינקלען פון זיין מויל.

— פאַרוואָס זאָגסטו אונז גאָרנישט? — האָבן זיך די תלמידים צו אים געווענדט. — די תלמידים ווילן וויסן פּאָמפּאַדורס מיינונג וועגן אַנטיסעמיטיזם.

און פּאָמפּאַדור האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַזוי געזאָגט:
תלמידים! איר באַדויערט דעם אַנטיסעמיטיזם? — איך נישט!
איר האַסט אנטיסעמיטן? — איך נישט!

און וואונדערט זיך נישט! פּאָמפּאַדור האָט זייער פיל געקלערט וועגן דעם, און ער איז געקומען צום שלוס, אַז אַנטיסעמיטיזם איז דאָס גליק פון יידישן פאָלק.

אַנטיסעמיטיזם, — דאָס איז קנאה צו אונז, ווי צו אַן אייביק לע־בעדיקן פאָלק. און קנאה איז געזונט.

קנאה איז קאַמף, לעבן, נישט פאַרגינען. און אַז מען פאַרגינט מיר נישט, איז אַ סימן, אַז איך בין עפּעס, אַז מען רעכנט זיך מיט מיר.

און אַז מען רעכנט זיך מיטן יידישן פאָלק, איז אַ פאַקט, ווייל וואָס זענען די פּאָגראָמען, אויב נישט קיין גרויסע רעכענונג מיט אונז?

אַנטיסעמיטיזם איז שנאה צו אונז ווי צו אַ פאָלק. און שנאה איז דער שטויס צו אַרבעט און טעטיקייט.

די פלייסיקייט פון אונזערע קינדער אין די שולן פון אַלע לענדער — דאָס איז דער רעזולטאַט פון דורות־לאַנגער שנאה צו אונז.

אונזער געניאַליטעט, — דאָס איז דער חשק אַראָפּצוקייקלען די שטיינער, וואָס מען האָט אָנגעוואָרפן אויף אונזער קאָפּ.

אונזערע וואונדערקינדער זענען, חוץ קינדער פון אָרעמקייט, אויך קינדער פון אַנטיסעמיטיזם.

אונזער מארך־געוויקסיקייט איז דער רעזולטאַט פון דעם וואוקס פון אַנטיסעמיטיזם.

תלמידים! פּאָמפּאַדור האַלט זייער פיל פון אַנטיסעמיטן, ווי ער האַלט זייער פיל פון פיינטלעכע קריטיקער.

אַנטיסעמיטן, ווי פיינטלעכע קריטיקער, קענען מאַכן באַרימט.

און אַ פאָלק, ווי אַ פאַרפאַסער, נייטיקט זיך אין באַרימונגס־מיטלען.

אַ פאָלק, ווי אַ מחבר, דאַרף האָבן שונאים, וואָס זאָלן אַרויסברענגען זיין גאַנצע גרויסקייט.

פּאָמפּאַדור האָט נישט ליב די אוהבי־ישראל, די צדיקי־אומות־העולם, וואָס דערקלערן זיך אונז אין ליבע מיט פסוקים פון תנ״ך.

ערשט אָט די אוהבי־ישראל טוען אונז נישט קיין גוטס, ווייל זיי האָבן אויף אונז רחמנות, און רחמנות איז אַ קבורה פאַרן פאָלקס־כבוד.

געבענטשט זאָלן זיין די המנס, די שטעקערס, די סואוואָרינס

פון אַלע דורות! זיי האָבן פאַר אונז מער אויפגעטאָן, ווי די חרבונאַס, וולאַדימיר סאָלאָוויאָווס, גאָרקיס און אנדערע.

ווען מיר וואָלטן געווען אַרומגערינגלט מיט לויטער ליבהאָבער, וואָלטן מיר פאַרבליבן קרעמער, מלמדים און בטלנים; נאָר צו פאַר־דאַנקען אונזערע שונאים, זענען מיר געוואָרן דיפּלאָמאַטן און לערער פון דער מענטשהייט.

און זייער גוט איז אויך, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם באַצאָלט זיך, וואָס עס לוינט זיך צו ווערן אַן אַנטיסעמיט, ווייל אויס בלויזן אידעאַליזם וואָלט עס קיינער נישט געוואָרן...

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פאַרקוקט אויף אַ מחנה פייגל, וואָס האָבן זיך געטראָגן אונטערן אָסיען־הימל, און ער האָט אזוי געזאָגט:

קורצזיכטיקע תלמידיע מיינע! קוקט אָן די פייגל, וואָס פליען אין איין גרויסער מחנה. דאָס זענען די פאַרפאָלגטע קינדער פון דער נאַטור. זיי פליען עס איצט צו זוכן אַ וואַרעמע היים אויס מורא פאַר קעלט און פראָסט, אויס שרעק פאַר דער שנאה פון צפון־לאַנד.

ווען נישט די מורא, וואָלטן זיי אַלע געבליבן אויפן פּלאַץ — און אויסגעשטאָרבן.

אַנטיסעמיטיזם—דאָס איז דער שטענדיקער צפון־ווינט, וואָס טרייבט אונז צו זוכן תמיד און אייביק נ י י ע ה י י מ ע ן — און דאָס ראַטעוועט אונז פון פאַרניכטונג.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויפגעהייבן צו גיין אין דער ריכטונג פון די פליענדיקע פייגל, נאָר די תלמידים האָבן אים פאַרהאַלטן, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן, און ער האָט געזאָגט:

תלמידים! פּאָמפּאַדור האַלט סתם נישט פון ליבע פון פאָלק צו פאָלק, ווי ער האַלט נישט פון ליבע צווישן פרוי און פרוי. אַ פרוי האָט ליב אַ חברטע נאָר צייטווייליק, ביז עס קומט צו אַ געלעגנהייט צו רויבן אַ מאַן.

איין פאָלק האָט ליב אַ צווייט פאָלק, ביז עס קומט די געלעגנהייט פאַר אַ ר ו י ב ע ר יי...

פרויען, ווי פעלקער, זענען בטבע רויבער.

ווייסט איר, וואָס הייסט ליבע פון איין פאָלק צום צווייטן? דאָס הייסט: איך וויל, דו זאָלסט מיך אנערקענען פאַר דעם קאָפּ

פון דער ציוויליזאַציע, פאַר דער קרוין פון דער מענטשהייט און זיך בויגן פאַר מיר!

און ווייסט איר, וואָס הייסט שנאה פון איין פאָלק צום צווייטן? דאָס הייסט: איך אנערקען דיין מאַכט, ווייל איך האָב מורא פאַר דיר.

פון פעלקער־ליבעס קומען אַרויס „בונדן": צוויי־בונדן, דריי־בונדן, א. אז. וו., און אַז פעלקער פאַרבינדן זיך, הייסט עס, אַז מען וויל עמעצן אין דער גיכער צוקונפט באַרויבן...

פעלקער־ליבע — הייסט אויך אַסימילאַציע: לאָז זיך, און איך וועל דיך איינשלונגען!

פעלקער־שנאה — הייסט זעלבשטענדיקייט.

פעלקער מוזן זיך פיינט האָבן. וואָס מער זיי האָבן זיך פיינט, אַלץ געזינטער איז פאַר דער ציוויליזאַציע.

פאָמפּאַדור איז פאַר א שטאַרקער שנאה צווישן פאָלק און פאָלק, ווייל נאָר די ליבע האָט פאַראורזאַכט די וועלט־מלחמה.

תלמידים! רופט אויס מיט מיר: הורא פאַרן אנטיסעמיטיזם!

אַנטיסעמיטיזם — דאָס איז אונזער רעכט אויף לעבן, אונזער וועג צו זעלבשטענדיקייט, אונזער בלוט־סערום פאַר די מיקראָבן פון פאַרניכטונג, אונזער פאַרהער פאַר דעם טריבונאַל פון דער געשיכטע...

פאָמפּאַדור וויל נישט, אַז זיין פאָלק זאָל זיין א באַליבט פאָלק צווישן פעלקער, ווייל אַ באַליבט פאָלק צווישן לעבעדיקע פעלקער הייסט אַ פאַרשוואונדן פאָלק, אַ טויט פאָלק.

פון די רוימער רעדן אַלע מיט אַכטונג, ווייל די רוימער זענען טויט...

פריינט מיינע! נאָר די שנאה פון פעלקער האָט אונז גרויס געמאַכט ווי אַ קליין פאָלק, נאָר זייער אייביקער האַס האָט אונז געמאַכט פאַר אַן אייביק פאָלק.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

איר קענט עפּעס פייפן? — האָט פּאָמפּאַדור איינמאָל אין אַן אָסיען-אָוונט זיינע תּלמידים געפרעגט.

תּלמידים! פייפן איז אַ גרויסער ענין.

פייפן מוז מען קענען, כּדי צו האָבן דערפאָלג אויפן פייף קאָנצערט פון לעבן.

איר דאַרפט נישט זיין קיין מוזיקער, איר דאַרפט נישט שפּילן פידל, ווי מישע עלמאַן, פּיאַנע, ווי פּאַדערעווסקי, — אָבער פייפן — דאָס מוזט איר קענען!

אָרעמע! אויב איר קענט נישט מאַכן פון אייערע ליפּן אַ פייף-אינסטרומענט, זענט איר אַ שוואַך נפש, אַן אויסגעפייפט באַשעפעניש — און נישט מער.

פייפן איז דערפאָלג.

פאַראַן ביי אונז פירער, כּלל-טוער און קהלשע קליאַמקעס, וואָס זייער גאַנצער כּוח ליגט אין פ י י פ ן.

פייפט אויף אידעאַלן, יושר און ליבע, און איר וועט האָבן דאָס גליק פאַר אַ שטענדיקן שכן אין אייער הויז.

פייפט אָן עמעצן עטלעכע טויזנט דאָלאַר, און איר וועט לעבן פייפנדיק.

איילט זיך און פייפט אויס אייער חבר, אַנישט וועט ער א י י ך אויספייפן.

אויספייפן אַ גאַסנדידל לוינט זיך היינט מער ווי אָנצושרייבן אַ גאַנצע ליטעראַרישע פּאָעמע...

ווי נאַריש די מענטשן זענען עס געווען אַמאָל!

אַמאָליקע ראָמאַנטיקער און ליבע-קרעכצער פלעגן נאַכט-איין, נאַכט-אויס אויסקרעכצן זייערע סערענאַדן ביי די פענסטער פון זייערע געליבטע, און מערסטנס פלעגן זיי בלייבן ביי די קרעכצן; די בת-מלכּות, די פּרינצעסינס פלעגן זיך נישט באַווייזן. אַ היינטיקער גרויסשטאָטישער יונגערמאַן פאַררייסט דעם קאָפּ צו די פייערשטיגן, נעמט צונויף די ליפּן אין אַ בויגל, לייגט צו אַ פינגער, גיט א פייף און די געליבטע פליט אַרונטער פון די טרעפּלעך, ווי אַ פילקע...

פֿאַראַן אַ סך זאַכן אין לעבן, וואָס איר טאָרט זיי נישט נעמען ערנסט. נאָר איר מוזט אויף זיי געבן — אַ פייף...

פּאָמפּאַדור איז מיט זיין גאַנצער נשמה פֿאַר פייפן!

הלוואי וואָלטן וואָס מער מענטשן געקענט פייפן.

פייפן, — דאָס איז דער סיגנאַל צו דער באַפרייונג פון די אַרבעטער-מאַסן!

עס וועט קומען אַ צייט — און מיט איין פייף פון אַ גענעראַל-שטרייק וועט מען אָפּשטעלן טויזנטער און טויזנטער פאַבריקן...

פייפט, מיינע פריינט! זאָל דער שאַרפער פייף פון דער צוקונפט צעשפּאַלטן די פוילע לופט פון דעם היינט, זאָל ער דורכשניידן די קעפּ פון די קליינבירגער און גייסט-פאַרשלעפּערער און זאָלן מיר דערגרייכן מיט אַ פייף צום נייעם מענטשן!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן גנבים און גניבה.

ליידיק אויס די קאַסע פון פאָלק, — זאָגט פּאָמפּאַדור.

די קאַסע פון פאָלק, — דאָס איז די שטענדיקע אינסטיטוציע פאַר גניבה.

דאָס פאָלק גלויבט אַלצאיינס, אַז מ׳באַגנבעט עס, און פאַרוואָס זאָל מען צעשטערן איינעם פון זיינע שענסטע גלויבנס?

די גאַנצע היינטיקע אָרדענונג — איז אַ גרויסע גנבים-האַנט אין דער טיפער קעשענע פון פאָלק.

די חכמה פון אַריטמעטיק איז די קלאָרסטע, אָבער אויף דעם זענען דאָ בוכהאַלטערס און סעקרעטאַרן — אויף צו פאַרטונקלען די ציפערן...

די קעשענע פון פאָלק איז אַ טיפע, דערפאַר זענען די פינגער פון די פירער לאַנגע.

וואָס הייסט אַ גנב? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און פּאָמפּאַדור ענטפערט: אַ גנב איז אַ מענטש, וואָס קען באַהאַלטן.

קענסטו באַהאַלטן, מעגסטו גנבענען!

אַנטלויפן מיט דער קאַסע איז קיין חכמה נישט, — אַ חכמה איז גנבענען און בלייבן לעבן דער קאַסע.

נאָר נאָך קליגער איז צו גנבענען מיט אַ הכשר, מיט אַ פּראָטעקציע אונטער דעם הייליקן שוץ פון געזעץ.

יעדער מענטש האָט אין זיך ניין און ניינציק פּראָצענט גנב און איין פּראָצענט אָרנטלעכער מענטש.

אויב איינער איז נישט קיין גנב, האָט ער וואָס צו טאָן מיט גנבים, לעבט ער פון גנבים, קויפט ער פון גנבים.

אַ קעשענע-גנב, — איז אַ שפּעקולאַנט אָן גרויסע אַמביציעס.

אַ וואָל-סטריט-שפּעקולאַנט — איז אַ גנב מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע.

אַ דיפּלאָמאַט — איז אַ גנב מיט שיינע מאַנירן.

אַריסטאָקראַטן-גנבים — הייסן ביי מיר די, וואָס ברעכן אויף פייערקאַסעס.

דעמאָקראַטן-גנבים — הייסן ביי מיר די, וואָס גנבענען פון קעשענעס.

פינגער — דאָס זענען שלוחים פון גנבים.

אַ שלאָס — דאָס איז גימנאַסטיק פאַר גנבים.

אַלץ, וואָס איז פעיִק און וויל לעבן, — גנבעט.

רעצעפּטן — דאָס איז געשריבענע גניבה.

זשורנאַל סטיק — געדרוקטע גניבה.

אייניקע גנבענען בלויז ווערטער; אַנדערע אויך סוזשעטן; קליגערע גאַנצע ביכער; זשעניען — באַגנבענען זיך אַליין.

גרויסע ראָמאַניסטן—דאָס זענען גנבים אין אַ גרויסן מאַסשטאַב.

קליינע סקיצנשרייבער — דאָס זענען גנבים בלויז אויף באַשרענקטע עמודים!

אַ סוחר איז אַ גנב מיט אַ טשעק-בוך.

מסחר — איז גניבה אויף אַן אומנאַטירלעכן אופן.

גניבה — איז מסחר אויף אַ נאַטירלעכן אופן.

איך האָב פיינט קליינע גנבים, ווייל זיין נוצן אויס זייער טאַלענט אויף קלייניקייטן: אנשטאט צו גנבענען מיליאָנען, גנבענען זיי גראָשנס.

צום בעסטן האָב איך ליב אַ טיטולירטן גנב, אַ סענאַטאָר אָדער

אַ קאַנגרעסמאַן, וואָס מיט איין האַנט גנבעט ער און מיט דער צווייטער בלעטערט ער די קאָנסטיטוציע.

צום ערגסטן האָב איך פיינט די שטילע גנבים, די, וואָס קריכן אויף די שפּיץ פינגער צו אונזער נשמה...

פיל בעסער זענען שוין די, וואָס קריכן גלייך מיט די שטיוול און לאָזן הערן זייערע הילכיקע טריט.

די בעסטע זאַכן מוז מען אַריינשמוגלען, די שענסטע דימענטן ווערן געבראַכט בגניבה.

אין אייניקע לענדער מוז מען די שאַרפּסטע געדאַנקען גנבענען פון דער צענזור.

מערסטע פרויען זענען גנבים.

אַ שיינע פרוי איז אַ געפערלעכער גנב. זי גנבעט אונזער זעלבשטענדיקייט, אָפט אויך אונזער איך.

אַן אָרעמע פרוי — איז אַ גנב אין אַ יאַטקע, אַ רייכע — איז אַ גנב אין אַ דעפּאַרטמענט-קראָם.

די שענסטע געפילן קומען נישט אַרויס אָפן פאַר דער וועלט, נאָר בגנבה אין די שאטנס פון צימער.

די ערשטע ליבע איז שטענדיק אַ געגנבעטע. דער ערשטער קוש ווערט געגנבעט מיט שרעק און האַרצקלאַפּעניש.

דער מענטש איז פון דער נאַטור אַ גנב; אדם הראשון האָט געגעסן דעם ערשטן עפּל בגניבה.

ווען אדם הראשון וואָלט געווען אָנגעשטעלט אין אַן ארדן, וואָלט ער געוויס געגנבעט.

די נאַטור אַליין איז אַ גנבטע. זי גנבעט אַוועק פון מענטשן די שענסטע אַנטיקן, דימענטן, פּערל און גאָלד-אוצרות און באַהאַלט זיי ערגעץ אין געהיימע ווינקעלעך, אויף די פינסטערע דעקן פון ים.

די נאַטור לערנט אונז גנבענען.

אַנטקעגן די צען געבאָט האָט זי אונז געגעבן צען פינגער, כדי מען זאָל זיי קענען פאַרבייגיין...

אָ, דו גרויסער פלאקער פון מיין נשמה, אָ, דו נישט-געשטילטער דארשט מיינער צום לאַכן, זאָג, וויפל גוטע שעהן האָסטו ביי מיר אַוועקגעגנבעט, וויפל שיינע מינוטן אַוועקגערויבט אויף אייביק?

ווייל שאַפן — דאָס הייסט גנבענען זויבערע געפילן פון האַרצן און זיי פאַרשמירן מיט טינט...

אזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

אין יענער צייט האָבן אים די תּלמידים געטראָפן לעזנדיק די נייס וועגן דער גניבה אין „אַרבעטער־רינג”.

נאָכאַמאָל וועגן אַלץ און אַלעם.

וואָס איז עסטעטיק? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

עסטעטיק, מיין פריינט, איז היינט גלאַנציקע נעגל און אַן אומריין האַרץ צוזאַמען.

כדי צו זיין אַן עסטעטיקער הויינט, מוז מען שטענדיק רעדן וועגן שיינקייט, קונסט, קאָלירן און מאַנירן, דערביי מאַכנדיק אומגעלומפּערט מיט די הענט און שפּריצנדיק יענעם גלייך אין פּנים אַריין.

וואָס איז שייך מיך, האַלט איך וויניק פון היינטיקער עסטעטיק און פון די, וואָס רעדן שטענדיק פון עסטעטיק.

וואָס הייסט זיין צו יעדער צייט אַן עסטעטיקער? יעדער מענטש איז אַמאָל אַ מלאך און אַמאָל אַ חזיר.

יעדער מענטש האָט אַמאָל אַ פאַרלאַנג צו פליען אין די הימלען און אַמאָל דעמזעלבן פאַרלאַנג צו קריכן אין בלאָטע.

און אַמאָל האָט ער ביידע פאַרלאַנגען אויפאַמאָל.

ווייזט מיר די בלויז־עסטעטיקער און איך וועל זיי אַריינלאַכן אין פּניט אַריין.

אויך אין בלאָטע איז דאָ שיינקייט.

תּלמידים, רעדט מיט מיר נישט מער וועגן עסטעטיק.

וואָס איז דערציונג? — פרעגט פּאָמפּאַדור און ער ענטפערט:

דערציונג איז גאָרנישט און גאָר.

דערציונג איז אַ שאַרף מעסער אין די הענט פון קאַליקעס.

וואָס הייסט דערציען אַ מענטשן? וואָס הייסט צוימען אַ ים? וואָס הייסן מעסטן אַן אָפּגרונט?

אָ, די דערציונג פון די נישט דערצויגענע, אָ, די קינדער און די עלטערן־פראַגע, ווי זי באַליידיקט מיך! איך גלויב נישט אין גלייכער דערציונג פאַר אַלעמען.

גלייכע דערציִונג הייסט מאַכן מענטשן פּאַר ציגל, וואָס ווערן געקנאָטן אין איין פאָרם.

גלייכע דערציִונג הייסט אָפּשאַפן די אויסנאַם, דעם ווידערשפּרוך, דאָס אויסטערלישע.

אוי, די דערציִער אונזערע, ווי נאַקעט זיי שטייען פאַר מיינע אויגן!

דערציִונג הייסט ביי אונזערע דערציִער — מאַכן קונצן מיט דער נשמה פון פאָלק.

דערציִען דאָס פאָלק — הייסט ביי זיי זיך לערנען רייטן אויף זיינע פּלייצעס.

פריינט מיינע, גיט אַ געלעגנהייט אייניקע דורות זיך צו דער-ציִען אָן דערציִונג און איר וועט דערציִען צום גליקלעכן מענטשן.

וואָס איז באַגייסטערונג? — פרעגט פּאָמפּאַדור און זאָגט: רעדט מיט מיר נישט היינט פון באַגייסטערונג.

באַגייסטערונג איז היינט נישטאָ.

מאָדערנע באַגייסטערונג איז אַ יונג מיידל אין אַ שטייפן קאָרסעט.

מאָדערנע באַגייסטערונג איז אַ גרויסשטאָטישער געזונטער יונגער-מאַן אָן אַ מאָגן...

מאָדערנע באַגייסטערונג איז רויך אָן פלאַמען.

מאָדערנע באַגייסטערונג איז אַ מצבה אויפן קבר פון באַגייסטערונג.

ווער איז היינט צו טאָג באַגייסטערט, פריינט מיינע, אחוץ אַפּלאָדיסמענטן-געבער אויף שכירות, פּאַטריאָטן און באַצאָלטע אנאנסן-שרייבער?

דער מאָדערנער מענטש דאַרף נישט זיין פריי באַגייסטערט און האָט נישט פון וואָס צו זיין פריי באַגייסטערט.

וואָס, למשל, זאָל פּאָמפּאַדורן באַגייסטערן?

אַ רעדע, וואָס ער האָט שוין געהערט הונדערטער מאָל? אַ ליד, וואָס איז שוין איבערגעדרוקט צום טויזנטסטן מאָל? אַ געדאַנק, וואָס איז שוין איבערגעחזרט געוואָרן צום מיליאָניקסטן מאָל?

וואו איז די פרישקייט, די טעמע-נייקייט?

אונזער וועלט איז צו אַלט, אונזער קולטור צו בלוטארעם און אונזערע קולטור-טרעגער צו דערפאַרן.

דער מאָדערנער מענטש איז אַ שטאָט-מענטש, וואָס רעכנט, ציילט, וועגט, מעסט, — אָבער ווערט נישט באַגייסטערט.

תלמידים, צינט אָן ליכט, טוט אויס אייערע געלע שיך און זעצט יך שבעה נאָך דער באַגייסטערונג פון אַמאָל, ווייל זי איז טויט, שוין לאַנג טויט.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן בילדונג און געבילדעטע.

פּאָמפּאַדורן שווידערט פון דעם געדאַנק, אַז אַלע זאָלן זיין גע-בילדעט.

בילדונג פאַר אַלעמען—הייסט בילדונג פאַר קיינעם נישט.

בילדונג פאַר אַלעמען — הייסט אַ ביליקער סואַווענירֿ, געטיילט צו אַלעמען, אנשטאט טייערע מתּנות צו געציילטע.

בילדונג פאַר אַלעמען — דאָס איז אַ גרויס פאַרוואַסערט שיסל אין אַ פאָלקס-קיך, אנשטאָט אַ קליין טעלערל גוטע שפּייז אינדערהיים.

פּאָמפּאַדור איז קעגן דעם, אַז בילדונג זאָל זיין אַזוי אַלגעמיין, ווי שניפּסן, אַז יידן זאָלן האָבן אַזאַ גרויסע צירקולאַציע ווי פּעני-ציימונגען, אַז טאַלענטן זאָלן זיך געפינען אין יעדן הויז, ווי פאַר-גרעסערטע טאַטע-מאַמע-בילדער אויף די ווענט.

פּאָמפּאַדור האָט פיינט אַ געזעלשאַפט פון בלויז געבילדעטע.

אַ געזעלשאַפט פון בלויז געבילדעטע — איז ווי אַ געזעלשאַפט פון בלויז שיינע פרויען: זיי, די געבילדעטע, דערעסן מיט זייער שווערקייט און די שיינע פרויען מיט זייער פּוסטקייט.

אַ געזעלשאַפט פון בלויז געבילדעטע איז ווי אַ טעאַטער פון בלויז טראַגיקער, ווי אַ צירק פון בלויז פּאַיאַצן.

פּאָמפּאַדור וויל נישט זיין קיין מיטגליד אין אַ געזעלשאַפט פון בלויז געבילדעטע, אַזוי ווי איר וואָלט נישט וועלן זיין אַ שטענדיקער עסער אין אַ רעסטאָראַן פון בלויז מילכיקע בלינצעס.

פּאָמפּאַדור איז קעגן בילדונג אין אונזערע פאַריינען, ווייל די בילדונג גייט נישט ווייטער פון לאָקאָל. ער איז קעגן „וויסנשאַפט", וואָס ווערט אויסגעלאָשן צוזאַמען מיט דער אויסגעלאָשענער עלעקטריע.

ער איז שוין גיכער פֿאַר אַ גראָשענעם בייגל פֿאַרן מאָגן, ווי פֿאַר אַ גראָשענער לעקציע פֿאַר דער נשמה.

פּאָמפּאַדור האָט נישט ליב, אַז מען טראָגט אונטער דעם אַרבעטער די גאַנצע „אַנטשטייונג פֿון דער וועלט און מענטשהייט" אויף אַ טעלערל, ווי אַ הערינג אין אַ רעסטאָראַן.

פּאָמפּאַדור וויל פּאָזיטיווע אָנשטאָט טרוקענער חכמה, פֿרייע באַגייסטערונג פֿאַר די מאַסן, אָנשטאָט פֿינף-דאָלאַרדיקער וויסנשאַפֿט.

ער וויל דעם טוי פֿון הימל, די קרישטאָלענע וואַסערן פֿון די נאַטירלעכע קוואַלן, אנשטאָט „וויסנשאַפֿטלעכן" פּאָמפּע-וואַסער, וואָס איז בלויז גוט צו באַגיסן בלאָטיקע גאַסן.

ער האָט ליב דעם פּראָסטן מענטשן, ווייל דער פּראָסטער מענטש גלויבט נאָך אין בילדונג; ער האָט נישט ליב דעם געבילדעטן, ווייל ער גלויבט שוין אין גאָרנישט.

שוין גענוג געזאָרגט פֿאַר דער נשמה!

פּאָמפּאַדור האָט זייער נישט ליב די נשמה-פֿאַרזאָרגער פֿון אונזערע בילדונג-קאָמיסיעס, די גייסטיקע שפּייז פֿון די געאלף-ביתטע פֿירער.

זאָרגן פֿאַר דער נשמה — דאָס איז אַן אַרבעט פֿאַר מיסיאָנערן און נשמה-כאַפּער.

דאָס פֿאָלק וויל עסן. און אפֿילו מיסיאָנערן געווינען אויך מער נאַראָנים פֿאַר זייער דומקייט מיט אַ מאָגערער וועטשערע, איידער מיט אַ פֿעטער דרשה.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט און דערנאָך האָט ער ווידער גערעדט:

ס'איז נישטאָ קיין אַלגעמיינע בילדונג, ווי ס'איז נישטאָ קיין אַלגעמיינע ליבע.

ווען גליק וואָלט געקענט פֿאַרקויפֿט ווערן צו יעדן גלייך, וואָלט עס שוין לאַנג געווען אין די הענט פֿון אַ טראָסט.

ס'איז נישטאָ קיין בילדונג פֿאַר אַלעמען, ווי ס'איז נישטאָ קיין גליק פֿאַר אַלעמען.

נישט יעדער קאָפּ איז אַ נעסט פֿאַר בילדונג, ווי נישט יעדעס האַרץ איז אַ בלומען-טאָפּ פֿון געפֿילן.

תּלמידים! שאַפט אָפּ די בילדונג פאַר אַלעמען און איר וועט קומען צום געבילדעטסטן צוקונפט-מענטש.
אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן פאָרן און גיין צופוס.

און ס'איז געווען אין דער צייט, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן דער גרויסער טראַמוויי-שטרייק אין ניו-יאָרק.
און פּאַמפּאַדור האָט זיך געשטעלט אויף דער פּלאַטפאָרם פון אַ צעבראָכענעם טראַמוויי און ער האָט אַזוי געזאָגט:
תּלמידים! פּאַמפּאַדור איז קעגן פאָרן סיי אויף פערד, סיי אויף באַנען, סיי אינדערהויך, סיי אונטער דער ערד און סיי אַפילו אויף אויטאָמאָבילן.
געבענטשט זאָל זיין דער פוסגייער!
גיין צופוס — הייסט פאַרלאָזן זיך אויף די אייגענע כּוחות.
פאָרן — הייסט פאַרלאָזן זיך אויף עלעקטריע, גאַזאָלין און אַנדערע מאַשינאָווע קרעפטן.
גיין צופוס — איז פּאָעזיע. די גרעסטע פּאָעטן האָבן אָפט נישט געהאַט אויף אַ בילעט.
פאָרן — איז גאַנץ אָפט דער טייטש: עם-הארצות אין אַ אויטאָמאָביל.
גיין צופוס — איז ענווות, איז באַשיידנקייט.
ווען איר פאָרט אין טראַמוויי, האָט איר פאַר זיך נאָר די פיר ווענט און מערסטנטיילס בלויז דעם רימען, אויף וועלכן איר הענגט. אָבער דער, וואָס גייט צופוס, האָט פאַר זיך אַ גרויסע, ברייטע וועלט, אַן אָפענע פון אַלע פיר זייטן.
גיין צופוס — הייסט לייענען דאָס בוך פון אַלע ביכער, וואָס הייסט נאַטור.
פאָרן — הייסט לייענען די אַנאָנסן וועגן היגעראָויגן און מאָגן-פאַרשטאָפּונג אויף די ווענט פון די טראַמווייען.
גיין צופוס — הייסט זיין אַ בעסערער מענטש, ענטפערן גוט יאָר

אויף אַ גוט מאָרגן, ווייל וואָס איז דאָ זיך גרויס צו האַלטן? גאָטס וועגן ליגן אויסגעשפּרייט פאַר אַלעמען גלייך.

פּאָרן — איז דער טייטש: קריך אויף יענעמס קאָפּ, פאַרכאַפּ אַ בעסער פּלאַץ, קוק נישט אויף קיינעם און אַכט נאָר זיך אַליין.

גיין צופוס — הייסט זיך פאַרטיפן אין זיך, הייסט: ישוב-הדעת און רויִקייט.

פּאָרן — איז דער טייטש: שווינדל פאַר די אויגן, פאַנאַרצמען, וואָס בייטן זיך מיט אַ טייוולשער שנעלקייט, און דערום — פּלאַכקייט פון געדאַנק און נערוון-צעטרייסלונג.

גיין צופוס — איז די מוטער פון נאַטירלעכער מידיקייט. באַטייט: רוען אויפן גראָז און זיך אויסציען אונטער אַ בוים.

פּאָרן — הייסט שלאָפן אין טראַמוויי, שטייענדיק אויף יענעמס הינעראויגן.

זון פּאָמפּאַדור האָט זיך אַ ווײַלע פאַרקוקט און ווייטער גערעדט:

גיין צופוס — הייסט באַהעפטן זיך מיט נאַטור, מיטן ריח פון וועלדער.

פּאָרן — הייסט שמעקן גאַזאָלין...

דער ערשטער מענטש איז געגאַנגען צופוס, איז ער דערום געווען גליקלעכער.

פּאָרן האָט זיך דער מענטש אויסגעלערנט ערשט שפּעטער, ווען ער האָט אָנגעהייבן זיך ארומיאָגן נאָכן גליק און אים נישט געפונען...

פּאָמפּאַדור איז פאַר אַ וועלט פון פוסגייער!

אַ פוסגייער — מוז, לכל הפחות, האָבן געזונטע פיס. אָבער פּאָרן קען מען אפילו מיט רומאַטעס.

אַ פוסגייער קען קיינער נישט שעדיקן, אויסער זיינע אייגענע פיס. אָבער פּאָרן — הייסט גאַנץ אָפט איבערפּאָרן.

דער פוסגייער — איז דער דערפינדער פון הכנסת-אורחים-געדאַנק, דער פאָטער פון דער שיינער מידה פון דערלאַנגען אַ טרונק דעם היימלאָזן און געבן אָפּעסן דעם וואַנדערער:

געבענטשט זאָלן מיר זיין די ברייטע וועגן!

ווען איר גייט, זעט איר איבער זיך אַ הימל און אַ זון, פאַר זיך ביימער און טייכן. איר באַוואונדערט די רייכקייט פון גאָטס וועלט און אייער נשמה ווערט געריי‌ניקט.

ווען איר פאָרט אָבער אין טראַמוויי, שלאָפט איר. און שלאָפט

איר נישט, קוקט איר אויף פעטע פרויען און האָט נאָך פעטערע געדאַנקען.

געבענטשט זאָל אויך זיין דער טרוקענער זאַמד פון די ברייטע וועגן!

ער איז פיל ווייכער פאַר מיין נשמה, ווי די ווייכע פלושענע שטולן אין די אויטאָמאָבילן!

און פאָמפּאַדור האָט זיך נאָכאַמאָל פאַרטראַכט און נאָכדעם ווייטער גערעדט:

איילן זיך איז נישטאָ וואָס!

פאָמפּאַדור האָט צייט!

די ברייטע שטרעקעס קען מען איבערגיין אין לויף פון יאָרן, און צום עק פון דער וועלט קען מען אַלצאיינס קיינמאָל נישט דערגיין, ווען אפילו איר זאָלט פאָרן אייביק.

תּלמידים! זאָל רוען דאָס פערד, דער אייזל, דער קעמל, די באַן און דער אויטאָמאָביל — איך וויל גיין צופוס!

פאָמפּאַדור האָט אַפילו בדעה אָנצוזאָגן, אַז מען זאָל אים בעסער טראָגן צו זיין לעצטער רו, איידער פירן.

טראָגן צום קבר — איז דער טייטש: מיר, לעבעדיקע, פילן דיין שווערקייט אויך נאָכן טויט, זענען מיט דיר חבר ביז דער לעצטער לאָפּעטע ערד.

פירן צום קבר — הייסט: מיר, לעבעדיקע, האָבן מיט דיר מער גאָרנישט וואָס צו טאָן. דו פאָר זיך און מיר וועלן גיין אונזער וועג...

טראָגן צום קבר — הייסט פילן דיין חברס טויט, לכל הכּחות, אויף די אַקסלען.

פירן צום קבר — הייסט: געפּטרט אַן עסק און פאַרטיק!

טראָגן צום קבר — שמעקט מיט כּבוד-המת פון פאַרצייטיקע דורות, מיט נאַטירלעכקייט, מיט אמתע טרערן.

פירן צום קבר — שמעקט מיט „פאַריין-ברידער", מיט „נאַדיר אַן אָנשיקעניש גאָר", מיט „אַן עבירה אַ האַלבן טאָג".

בעלי-עגלות, קאָנדוקטאָרן און טראַמוויי-טרייבער, זייט נישט אין כּעס אויף פאָמפּאַדורן!

פאָמפּאַדור האָט סתּם נישט ליב קיין פירער און נאָך דערצו פאַר אַ הונגער-געהאַלט!

פּאַמפּאַדור האָט ליב שטיין אויף די אייגענע פיס, גיין אויף די אייגענע פיס און זיין זיין איינציקער וועגווייזער און פירער אומעטום.
אָט אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור, און איז מיט שטילע טריט אַרונטער פון דעם צעבראָכענעם טראַמוויי.

וועגן מידיקייט און וועגן מענטשן, וואָס טאָרן נישט זיין מיד.

איך בין מיד, מיין פריינט, זאָגט פּאַמפּאַדור.
מיד פון פּלאַפּלען, מיד פון שרייבן. מיד פון עסן, מיד פון ליבן זיך, מיד פון אַלץ.
און ליב איז מיר די מידיקייט מיינע, ליבער פון אַלץ.
מיד זיין—דאָס איז פאַר מיר די רויִקייט פון נאָך האַלבער נאַכט אין אַ ניו-יאָרקער הויז.
מיד זיין — דאָס איז פאַר מיר די ווייכע קישן אין צייט פון אַרבעטסלאָזיקייט.
אייביק טעטיק זיין—דאָס איז דער גורל פון אַ קנעכט.
קיינמאָל נישט מיד זיין הייסט זיין אַ שקלאַף פון טעטיקייט.
זיי מיד, מיין נשמה! דאָס ווייזט, אַז דו ביזט אַמאָל טעטיק געווען, שטאַרק טעטיק געווען, האָסט אַמאָל געיאָגט איבער ווייטע ווייטקייטן און ברייטע ברייטקייטן.
מיד זיין — דאָס איז דאָס צוקונפטיקע געווינס פון אַרבעטער.
ווען דער אַרבעטער וועט אויסקעמפן די פרייהייט צו זיין מיד צו יעדער צייט, וועט געלייזט ווערן די קאַפּיטאַל- און אַרבעט-פראַגע.
די מענטשהייט וועט דערגרייכן איר שטופע פון קולטור-הויכקייט נאָר דורך מיד ווערן.
אָ, מידיקייט, די קרוין פון מיינע חלומות ביזטו!
און צו פּאַמפּאַדורן שמייכלט פון ווייטן אַ מידע מענטשהייט, וואָס רוט אויס איר גרייז-גרויען שיינעם קאָפּ און דרעמלט שטיל אויף די ריזיקע אַקסלען פון דער אייביקייט.
אָ, ווי שיין וואָלט געווען, ווען אַלע וואָלטן מיד געוואָרן, ווי פּאַמפּאַדור.

מידיקייט! לאָז זיך אַראָפּ, ווי אַ וויג-ליד אויף מיין טעטיקער נשמה, פאַרשלעפּער זי, — ביז איך וועל ווידער ווערן טעטיק, ווי אַמאָל.

מידיקייט, — דאָס איז די ברכה פון גאָט, וואָס ער האַלט זי גרייט פאַרן צוקונפט-מענטש.

דער מענטש פון היינט טאָר נישט זיין מיד, קען נישט זיין מיד. ער מוז לויפן און איבעריאָגן די עלעקטרישע טראַמווייען און אויטאָמאָביליק. ער מוז זיין טעטיק, ווי אַ טעלעפאָן-דראָט.

נאָר דער צוקונפט-מענטש וועט קענען מיד זיין!

אַזוי האָט גערעדט פאָמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור האָט איינמאָל זיך אַזוי געווענדט צו זיינע תּלמידים:

תּלמידים מיינע, האַסט!

האַסן — איז אַ גרעסערע חכמה, ווי ליבן.

ליבן — קען יעדער נאַרישער בחור; כּדי פיינט צו האָבן, מוז מען זיין, לכל הפּחות, אַ פילאָזאָף.

ליבע — איז שוין לאַנג געוואָרן אַ וואָכעדיק וואָרט ביי גראָ־שענע קריסטלעכע גאַסן־פּרעדיקער, און דערום איז האַסן שוין באַלד אַ יום־טוב פאַר דער רייכער נשמה.

תּלמידים מיינע, פּאָמפּאַדור לערנט אייך פיינט צו האָבן. ליבע, זאָגט איר, בויט וועלטן. ניין! ס'איז פאַלש: אויב בויען, בויט עס די שנאה.

נאָר מיט גרויס האַס צו דער אַרבעט בויען די אַרבעטער די שענסטע שטעט, די רייכסטע פּאַלאַצן און די וואונדערלעכסטע בריקן.

אַפילו אַ פאָלק ווערט נאָר שטאַרק דורך אַ צווייטן פאָלקס־שנאה צו אים.

וואָס איז ליבע?

ליבע — איז אַ פייער, וואָס פאַרצערט זיך אַליין; שנאה — איז אַ פייער, וואָס פאַרצערט אַ צווייטן.

מיט דער ליבע קענסטו ווייטער פון שלאָפצימער נישט גיין, מיט שנאה אָבער קענסטו באַזיגן וועלטן...

אָ, שנאה, ברען, ווי אַ פלאַקער, אין מיין האַרצן!

שנאה — דאָס איז שאַפונג. גרויסע שנאה — דאָס איז גרויסע שאַפונג.

די גרעסטע ליטעראַרישע ווערק זענען געשאַפן געוואָרן אין דער צייט פון גרויסן האַסן, נישט אין אַ צייט פון ליבן.

ווען איינער האָט ליב, ליגט ער אין בעט און קרעכצט, אָבער ער שאַפט נישט.

שאַפן — דאָס הייסט, האַסן דאָס אַרומיקע, פיינט האָבן דאָס קליינלעכע, פאַראַכטן דאָס נישטיקע. זיין פול מיט גיפט און צאָרן צו אַלץ, וואָס איז נידעריק, אויפהייבן זיך ביזן הימל און אַראָפּקוקן מיט שנאה אויף דער ערד.

שנאה — איז ממשלה, זיגערישע הערשאַפט.

אויב גאָט איז דער הערשער פון אַלע וועלטן, איז עס נישט דורך ליבע, נאָר דורך דעם, וואָס ער איז דער גרעסטער אכזר אין דער גאָרער וועלט.

ליבן — איז שוואַכקייט, אַן אַראָפּגעלאָזטער קאָפּ, נישטיקע הכנעה, רעזיגנאַציע, געבויגענע קני און צעטרייסלטע נערוון.

און אין אַזאַ צושטאַנד קען מען בלויז מורמלען קראַנקע תפילות און שמייסן זיך מיט ריטער...

פּאָמפּאַדור האַלט אפילו נישט פון דער ליבע פון אַלע ליבעס — די ליבע צו דער פרוי.

ווילסטו באַזיגן אַ פרוי? — האַס זי! דאָס איז די נייע לערע פון פּאָמפּאַדור.

ליבן באמת אַ פרוי — הייסט איגנאָרירן איר קערפּער און באַזיצן איר נשמה.

און באַזיצן די נשמה פון אַ פרוי — הייסט באַזיצן: גאָרנישט...

ליבן אַ פרוי — הייסט באַזיגט ווערן פון איר, הייסט טאָן וואָס זי הייסט; און באַזיגט ווערן פון אַ פרוי — הייסט ווערן אויס מאַן.

שנאה — איז מענלעכער שטאָלץ, דאָס גלאַנציקע אויג פון אַ זיגער.

מאַן און זיגער גייען צוזאמען.

תלמידים, ווילט איר קענען האַסן, דאַרפט איר קענען גוט די פרוי.

פּאָמפּאַדור איז פאַר אַ שטאַרקער שנאה צווישן מאַן און פרוי...

זאָל דער מאַן ווערן צוריק אַ רויבער און נעמען אַ פרוי מיט געוואַלד, ווי אַמאָל.

ווייל יעדע פרוי האָט ליב געוואַלד און פאַרגוואַלדיקונג.

באַצווינגען — דאָס איז לעבן.

זיג און באַזיג! — דאָס איז דער אמת פון אַלע באַציונגען פון מאַן צו פרוי.

פּאַמפּאַדור גלויבט נישט אין דער זעלבשטענדיקער ליבע פון דער פרוי.

די ליבע פון דער פרוי איז בלויז אַן עכאָ פון דעם מאַנס ליבע.

און פּאַמפּאַדור האָט אַ ווײַלע געשוויגן און נאָכדעם האָט ער ווידער גערעדט:

די גרעסטע פאַרברעכער זענען די פּאָעטן, ווײַל זיי האָבן גענומען די פרוי און זי געמאַכט פאַר דער געטין פון ליבע.

פרויען פאַרמאָגן נישט קיין ליבע, ווײַל זיי זענען נישט גײַסטרײַך...

די גײַסטרײַכקייט פון אַ פרוי איז אַ געבאָרגטע, איז נישט מער ווי פּודער און פאַרב צו געפעלן די מענער.

פּאַמפּאַדור גלייבט, אַז בלויז פלייש-אָרעמע מענטשן קענען זײַן גײַסטרײַך, און פרויען זענען זעלטן פלייש-אָרעם.

ליבע — איז זעלבשטענדיקייט, און פּאַמפּאַדור גלויבט נישט אין זעלבשטענדיקע פרויען.

פּאַמפּאַדור וויל האָבן אַ שוואַכע פרוי און אַ שטאַרק גלאָז ווײַן.

איר זאָגט, דאָס האַרץ פון אַ פרוי איז אַ רעטעניש. ס׳קען זײַן, אָבער מיט טרעפן רעטענישן פאַרנעמען זיך נישט גאָר קיין קלוגע מענער...

תּלמידים מײַנע, לערנט זיך האַסן!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור. אין יענע צײַטן האָט ער זיך צעשיידט מיט זײַן צענטער געליבטע.

### וועגן זינד און זינדיקע.

וואָס איז זינדיק? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט: זינדיק איז אַ מיידל, וואָס איז שוין איבער אכצן און ווייסט נאָך נישט, וואָס עס הייסט אַ קוש.

זינדיק איז — אַ יונג ווײַבל, וועלכע איז שוין דרײַ וואָכן נאָך דער חתונה און האָט נאָך נישט קיין געליבטן,

זינדיק איז — אַ יונגערמאַן, וואָס לעבט צוויי וואָכן מיט אַ מיאוס ווייב און איז פון איר נאָך נישט אַנטלאָפן.

זינדיק איז — אַ יונגערמאַן, וואָס רעדט מיט אַ פרוי וועגן פילאָזאָפיע, סאָציאָלאָגיע און פילאָלאָגיע אין דער צייט, ווען ער קען זי פשוט אַרומנעמען.

אַן עבירה — איז, לויט מיין מיינונג, אַ טאָג, וואָס איר פאַרברענגט אַליין.

קלאַפן דאַרפט איר זיך על חטא, ווען איר פאָרט אין פאַרק — מיט אַ בוך.

די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פון נאַקעטע זינד. אַ מענטש הייבט אָן וואַקסן דורך זינד, ביז ער וואַקסט אויס אַ גרויסער זינדיקער...

אָן זינד וואָלט די וועלט אויסגעקוקט, ווי אַ יונגפרוי אָן ציין, ווי אַ ליידיקע שמעק-טאַבאַק-פושקע, ווי אַ בעט אָן קישנס...

די וועלט מוז זיין זינדיק, אַנישט וואָלט זי קיין פנים נישט געהאַט.

יאָרן — זענען לייטערס פון זינד.

וואַקסן — הייסט רייף ווערן אין זינד.

אויב דער הימל איז נישט קיין בית-עולם, מוז מען דאָרטן אויך זינדיקן...

אויב די מלאכים טראָגן נישט קיין שווארצע שפאַקולן און האָבן מלאכטעס אויף ווען צו קוקן, מוזן זיי זינדיקן.

אַ פרוי איז אַ קאָלעקציע פון זינד; יעדער מאַן מוז פון איר נעמען עפּעס — צום אנדענק, אַנישט איז ער אַ נאַר...

זינדיקן מוז מען!

ווען דו וועסט נישט זינדיקן, וועט אַן אַנדערער זינדיקן פאַר דיר, — איז גלייכער דו זאָלסט אַליין זינדיקן...

אַלץ, וואָס לעבט — מוז זינדיקן.

נאָר טויטע געדאַנקען — זענען הייליקע.

נאָר שוואַכע ברואים — זענען אומשולדיקע.

נאָר צוליב בלוטאָרעמקייט ווערט דער מענטש אַ תהילים-זאָגער.

פאָמפּאַדור דענקט, אַז דער אמתער גאָט פון אַלע געטער איז דער גאָט פון זינד, ווייל אַלע האַלטן פון אים און דינען אים טריי.

ווען מיר וואָלטן נישט געזינדיקט, וואָלט מען דאָך נישט

געדאַרפט בעטן אויף פאַרגעבונג, און דאָס פאַרגעבן איז דאָך בלויז אַ טיר צו נייע זינד.

מענטשן זענען צעטיילט נישט אויף אָרעמע און רייכע, נאָר אויף גרויסע זינדער און קליינע.

די גרויסע זינדיקער זענען די, וואָס ווילן און האָבן מיט וואָס צו זינדיקן, און די קליינע זינדיקע זענען די, וואָס ווילן און האָבן, נעבעך, נישט מיט וואָס.

דאָס, וואָס די פרומע וועלט רופט זינד, איז בלויז אַ מאָס צו מעסטן פרעמדע מעשים, אָבער נישט קיין אייגענע.

אָט, למשל, ווען איר פירט אַ ליבע מיט מ יי ן ווייב, איז דאָס אַ זינד. פיר איך אָבער אַ ליבע מיט א יי ע ר ווייב, איז דאָס בלויז אַ פאַרגעניגן.

תלמידים! דער גרעסטער זינדער איז דער, וואָס זינדיקט נישט! אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

העגן איינס און א סך.

איך האָב ליב אַ סך און מוז ליבן אַ סך, — זאָגט פּאָמפּאַדור. ליבן אַ סך — הייסט זיין שיין ווי דער רעגנבויגן.

זיי אַ רעגנבויגן, מיין פריינט, זאָל דיין נשמה פאַרמאָגן אַזוי-פיל פאַרבן, ווי דער רעגנבויגן.

ווי קען מען בלויז ליבן איינע?

ליבן איינע — הייסט נישט קענען ליבן אייביק.

ליבן איינע — הייסט נעמען „הייראַט-פּאַפּירן” אין דער ביורא פון לאַנגווייליקייט.

ליבן איינע — הייסט זעלבסטמאָרד פאַר דער ליבע.

נאָר פּראָזן-געברויכער און היפּאָקריטן האַלטן פון ליב האָבן איינע.

ליב האָבן איינע — הייסט זאָגן, אַז די נאַטור האָט בלויז איין פרילינג, איין בלום און איין נאַכטיגאַל.

ליבן אַלעמאָל איינע — הייסט נישט אנערקענען די באַוועגונג פון דער צייט.

און פאַרוואָס זאָלסטו, מענטש, אַנהענגען בלײַ אויף די פֿליגלען פון דער אײביקייט?!

קענסטו דען ליבן יעדן טאָג גלײַך? קענסטו דען ליבן יעדע שעה גלײַך?

האָב קיין מורא נישט פאַר ליבן אַ צווייט מאָל.

צווייטע ליבע — איז דער צווייטער ציטער פון דער ערשטער ליבע אויף דערזעלבער סטרונע פון דײַן נשמה-פֿידל.

צווייטע ליבע — דאָס איז בלויז אַ ווידערקול פון דער ערשטער.

און פאַרוואָס לאָזן דעם אָפּקלאַנג פון דײַן שטימע גיין פאַרלאָרן אין די ליידיקע רוימען?

ליבן אַ סך — הייסט אויפלעבן פיל מאָל דײַן יוגנט.

ליבן אַ סך — הייסט פאַרמאָגן עטלעכע יוגנטן.

און פאַרוואָס זאָלסטו נאָר וועלן האָבן איין יוגנט?

איך האָב נישט ליב די איינמאָל-ליבהאָבער, — זיי זענען די תּלינים פון געפילן.

און פאַרוואָס מאַכן פון דײַן האַרץ אַ תּליה?

ליבן אַ סך — הייסט דיכטן; ליבן איינע — הייסט זינקען אין פּראָזע.

ליב איינע און אַלע, ליב אַלע מיטאַמאָל, ליב איינע נאָך דער צווייטער, און דו וועסט וויסן פון ליבע.

דעמאָלט האָט פּאָמפּאַדור אָנגעהייבן זינגען ליבע צו זײַן פאַרצעטער געליבטע.

וועגן אַלטע בחורים און יונגע גליקן.

פע, אַן אַלטער בחור! פע, אַן אַלטער בחור! שרײַען אַלע.

און איך האָב ליב אַלטע בחורים, — זאָגט פּאָמפּאַדור.

די, וואָס האָבן יונג חתונה, זענען געפילן-פּאָגראָמשטשיקעס און ליבע-צעשטערער פון אַלע צײַטן און דורות.

אוי, איר נײַע בית-הקברות-עפענער, איר יונגע חופּה-שטעלער, ווי איך האָס אײַך!

אַן אַלטער בחור—דאָס איז' דער צוקונפטיקער שוויגער-אָפּשאַפער פון נייעם מענטשן.

זיין אַן אַלטער בחור — הייסט זיין קעגן הויכן דירה-געלט.

אַלטע בחורשאַפט — דאָס איז שענק-פרייהייט, קנייפּע-פרייהייט און קאָרטן-פרייהייט.

אַ, איר דריי פרייהייטן פון פרייען מענטשן — ווי טייער איר זענט!

יונג חתונה האָבן — הייסט טיר-קלאַפּעניש נאָך האַלבער נאַכט.

איך שטעל דעם אַלטן בחור אַפילו העכער פון דער אַלטער מויד.

אַן אַלטע מויד, — דאָס איז מערסטנס דער קאָנפליקט צווישן דעם וויל און דעם קען נישט.

אַן אַלטער בחור איז דער העלד פון דעם קען און וויל נישט.

אַן אַלטע מויד — דאָס איז אָפט בלויז אַ זאַקן-אוצר פאַר צוקונפטיקע דופּק-טאַפּער און רעצעפּטנשמירער.

אַן אַלטער בחור איז אַן אוצר פאַר זיך אַליין.

ציוויליזאַציע, דו וועסט דערגרייכן דיין הויך דורך דעם לייטער פון אַלטער בחורשאַפט!

פריינט מיינע! בלייבט אַלטע בחורים און איר וועט האָבן גענוג צייט זיך צו פוילן, און איר וועט קענען שטענדיק האַלטן פאַר זיך אָפן דאָס בוך פון אייער פאַרגאַנגענהייט, ציילן די קנייטשן פון אייער שטערן און זיפצן.

אויב אַ מיידל וועט מיך נישט פאַרכישופן אין איר גדן-נעץ, וועל איך אויך בלייבן אַן אַלטער בחור.

אַזוי האָט גערעדט פאָמפּאַדור.

וועגן בערג און טאָלן.

תלמידים! ווילט איר זיין באַליבט ביי דער מאַסע מיט אייערע תורות, גייט קיינמאָל נישט אַראָפּ פון באַרג, פאַרהילט זיך אין טומאַנען, מאַכט פון אייער לעבן אַ וואָלקן.

בארג — דאָס איז פארגעטערונג, דער סוד פון שאפן, דער לאטיי־גישער רעצעפּט פון די נביאים.

בארג — דאָס הייסט שטעקן זיך העכער איבער אלעמען.

פאַמפּאַדור האָט די נביאים פון טאָל, די פּאָליטיקער פון אונטערן בארג.

טאָל — דאָס איז אַ הויז פאר אייערע שטיוול, אַ געמייזאַכץ פאר אייערע אידעאלן.

טאָל — דאָס הייסט וואוינען מיט דער מאסע און ווערן פון איר דערנידעריקט.

תלמידים! הערט, וואָס פּאָמפּאַדור זאָגט אייך: נידערט נישט אין טאָל מיט אייערע תּורות, אויב איר ווילט, זיי זאָלן בלייבן הויכע און ריינע.

הויך אויפן בארג מוז שטיין דער טראָן פון נביא, כּדי דאָס פאָלק זאָל נישט זען די הילצערנע פיס.

דער נביא מוז זיין פאר זיין פאָלק הויך, ווי דער הימל און סודותדיק, ווי די שטערן.

פּאָמפּאַדור איז זיכער, אַז ווען מענטשן וואָלטן געקענט כאָטש איינמאָל אָנרירן דעם הימל מיט די הענט, וואָלט ער שוין לאנג גע־וואָרן דאָס אייגנטום פון גוט־באזיצער, אנשטאט וואָס אַזוי איז ער בלויז דאָס אייגנטום פון געטער און פאָעטן...

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פארטראַכט און ווידער געזאָגט:

תלמידים, און ווערט איר די נביאים פון טאָל, דאן גייט פאררייסן דעם קאָפּ צום הימל און מיט אַ שטעקן אין האנט.

אַ שטעקן — דאָס איז דער סימן, אַז איר זענט אין טאָל בלויז אַ גאסט.

און רעדט איר צום פאָלק, רעדט צו אים דורך דונערן און בליצן, שיט אויף אים פעך און שוועבל, דראָט אים מיט טויט און גיהנם. פארהילט אים אין רויך. דאן וועט ער הערן אייער געבאָט.

דאָס פאָלק מוז מען שרעקן, ווי אַ קינד, אַנישט וויל עס זיך נישט איינשפּאנען אין יאָך, נאר שפּילן אין פערדלעך און טאנצן מיט קעלבלעך.

און גייט איר אַרונטער אין טאָל, ווייזט די מענטשן בלויז אייער

רוקן. דאַן וועלן זיי פאַרגעטערן אייער פּנים, מעג עס אַפילו זיין פול מיט בלאָטערן.

אַפילו אַ גאָט, ווען מ׳קוקט אים אָן פּנים צו פּנים, נאָז צו נאָז, ווערט ער אויס גאָט.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פאַרקלערט און ווידער גערעדט:

באַרג — דאָס איז לעגענדע, דאָס איז לעבן אין וואָלקן און שטאַרבן אין כמאַרע.

אַ גרויסער גייסט טאָר אַפילו נישט שטאַרבן, ווי אַלע.

זאָל קיינער נישט וויסן, וואו איר זענט געשטאָרבן, און אויך נישט וואו איר זענט געבוירן.

אַ נביא דאַרף נישט האָבן קיין מאַמע: עס מאַכט נישט, אַז מען געפינט אים אין אַ קעסטל און מען רעכט אים צו צו עמעצן אַנדערש.

אַ נביא דאַרף נישט האָבן קיין טאַטן: דער פאָטער פון נביא, דאָס איז אַ פאַרוואָלקנטער באַרג.

וואָס דאָס שלאָפצימער איז פאַר מענטשן, איז די נשמה פאַר דעם נביא: אי דאָס שלאָפצימער, אי די נשמה מוז מען האַלטן פאַר־האַנגען, כדי זיי זאָלן בלייבן פאַרשטעלט פאַר אַנדערע.

און אַ שמייכל האָט זיך געוויזן אויף פּאָמפּאַדורס פּנים און ער האָט ווידער געזאָגט:

תּלמידים! לערנט זיך פון משהן.

שאַפן — דאָס הייסט הונגערן, נישט דערעסן פערציק טעג און פערציק נעכט.

אין אַ רעדאַקציע קען מען קיין נייע תּורות נישט שאַפן.

האָנאָראַר איז דער בית־עולם פאַרן גייסט פון נביאים און קינסטלער.

תּלמידים! גייט אויס פון הונגער, אָבער עסט נישט פון שיסל גלייך מיט אַלעמען, ווייל דאָס פאָלק האָט זייער נישט ליב צו זען זיינע תּורה־געבער קייענדיק...

תּלמידים מיינע! זייט נביאים פון באַרג און איר וועט פאַרגע־טערט ווערן אין טאָל.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור און איז אַוועק אויף זומער אין די קעטסקיל־בערג.

תּלמידים מיינע, פּאַמפּאַדור איז פאַר מלחמה!

צופיל מענטשן האָט די וועלט, ווי צופיל ביכער.

ווען מען וואָלט אַ העלפט ביכער פאַרברענט אויפן פייער, וואָלטן נאָך גענוג ביכער פאַרבליבן צו פאַרוואַסערן די מוחות.

ווען מען וואָלט אַפילו אַ העלפט מענטשהייט פאַרניכטעט אין פייער פון מלחמה, וואָלטן נאָך גענוג מענטשן פאַרבליבן צו לעבן אויף צרות.

פּאַמפּאַדור איז פאַר מלחמה.

מלחמה — דאָס איז דער אוראַלטער ווילדער גאָט פון בלוט און נקמה, וואָס לאָזט זיילן רויך פון זיינע נאָזלעכער, שפּריצט פייער פון די אויגן און קנייטשט זיין שטערן אין גרימצאָרן.

און דערדאָזיקער אוראַלטער גאָט איז פיל ליבער פּאַמפּאַדורן, ווי דער גאָט פון די היינטיקע געראַזירטע מענטשן מיט אַ האַוואַנע-ציגאַר אין מויל, אַ שמייכל אויף די ליפּן, שלום אויפן צונג און טויט אין האַרצן...

פּאַמפּאַדור איז פאַר מלחמה.

מלחמה — דאָס איז די פאַרפאַסערין פון דער וועלטגעשיכטע.

ווען די מענטשן וואָלטן שטענדיק געשלאָפן אין שלום, וואָלט די געשיכטע געוווען אַ קאַמף מיט בעט-אינזעקטן.

מלחמה — דאָס איז פייער פון יוגנט און לעבן.

שלום — דאָס איז אַן אָנגעהייצט אייוועלע פאַר אינוואַלידן.

פּאַמפּאַדור איז קעגן שלום.

שלום — דאָס איז שטילקייט פון קברים, רויקייט פון מתים, פּאָעזיע פון מצבות.

תּלמידים, פּאַמפּאַדור וויל נישט היינטיקן שלום!

היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער שלום—דאָס איז אַ שטענדיקע בלוט-פאַרגיסונג, אָן אַ שלאַכט, אַ טאָג-טעגלעכע אויסשלאַכטונג אָן געווער.

פּאַמפּאַדור איז מער פאַר אַן אַלגעמיינער אויסשלאַכטונג אויפן פעלד, איידער צו פאַרניכטן זיך אייביקווייז אין שטאָט.

אַרבעטער, האָט קיין מורא נישט פאַר מלחמה! שוין בעסער זיין האַרמאַטן-פלייש אויף פעלדער, איידער פאַבריק-קנאָכן אין ענגע גאַסן.

מלחמה — דאָס איז אַ שטים, וואָס רופט: מענטשן! קערט זיך אום צו דער נאַטור, ווייל נאָר דורך מלחמה ווערן פון שטעט פעלדער.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און ער האָט ווייטער געזאָגט:

תּלמידים! דאָס גאַנצע לעבן פון אַ מענטשן איז מלחמה.

צוויי פאַרליבטע, דאָס זענען צוויי אַרמעען.

קושן — דאָס זענען מאַנעוורעס.

ליידן פון ליבע — דאָס הייסט טראָגן אַ קויל אין האַרצן.

אַ פרויענהאַרץ, — דאָס איז אַ שטענדיקער קריגפלאַץ, און נישט אומזיסט האָבן פרויען אַזוי ליב סאָלדאַטן.

פאַמיליעלעבן — דאָס איז אַ וואוינונג אין בויך פון אַ האַרמאַט.

אַ מאַן — דאָס איז אַ סאָלדאַט, וואָס מוז שטענדיק שטיין אויף דער וואַך פון זיין שלאָפצימער.

תּלמידים, רופט צו מלחמה!

פעלקער, וואָס ווילן שלום, זענען אַנטיקן פאַר מוזייען.

תּלמידים, זייט נביאים פון מלחמה!

זאָל ברענען דאָס שלאַכטפעלד, זאָל האָגלען מיט קוילן, זאָלן קראַכן פעסטונגען און זאָלן מענטשן פאַלן, ווי העלדן אויף שווערדן, אָלץ בעסער איידער זיי זאָלן שטאַרבן, ווי פליגן אויף פליגנפּאַפּיר...

און זאָרגט זיך נישט וועגן די אַלמנות און די יתומים.

אַלמנות טרייסטן זיך זייער שנעל: פרעגט ביי שדכנים. און יתומים ווערן שנעל אַליין טאַטעס.

נידער מיט דעם רחמנות פון רחמנות-שוועסטער!

מלחמה — דאָס איז אַ העלדין, וואָס גייט פאָרויס דער מחנה.

שלום — דאָס איז אַ רחמנות-שוועסטער, וואָס גייט הינטער דער מחנה.

אַ דבורה הנביאה, אַ זשאַנאַ ד'אַרק געדענקען אַלע, קיינער אָבער געדענקט נישט די נעמען פון די מיליאָנען רחמנות-שוועסטער, וואָס האָבן געקליבן פאַרוואונדעטע אויפן שלאַכטפעלד.

תּלמידים! קענט איר נישט גיין אויף דער מלחמה, האַלט מלחמה מיט זיך אַליין. מאַכט פון אייער האַרצן אַ שלאַכטפעלד פון געפיקן. זאָלן יעדן טאָג פאַלן אייערע סאָלדאַטן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

תּלמידים, איך בין פּאַר אַ יקרות.

אַנשטאַט צו מאַכן ביאַליקס פּרייזן אויף לעבנסמיטלען, מאַכט בעסער טייערער דאָס לעבן אַליין!

אָ, איר קליינע און גרויסע רעפאָרמירער, קומט און הערט, וואָס פּאַמפּאַדור וועט אייך זאָגן וועגן ביאַליק און טייער!

ביאַליק — דאָס איז די געקויפטע ליבע פון פרויען.

ביאַליק — דאָס איז די טעגלעכע פּרעסע, וואָס האָט געשאַפן דעם פּעני-לעזער.

יקרות — דאָס איז עסטעטיק, דאָס איז די שיינע נשמה, וואָס פּאַר איר איז גאָרנישט צו טייער.

אוי, די ביאַליקע פּרייזן פּאַר אַלעמען, אוי, די דעמאָקראַטישע פון געפילן, ווי איך קען זיי נישט דולדן!

ביאַליקע פּרייזן אויף שפּייזן—דאָס זענען ביאַליקע רעפאָרמען פון ביאַליקע נביאים. דאָס איז פאַרוואַסערונג, אַנשטאַט קונסט.

ביאַליק — דאָס איז דער נייער לעזער, וואָס באַנוגנט זיך מיט לייענען פון קינאָ-ליילעך, אַנשטאַט ביכער.

ביאַליק — דאָס איז די פּאָפּולערע מוזיק אין יעדן הויז, דאָס איז אַ „וואונדערקינד" אין יעדן צימער, דאָס איז אַ פּיאַנע אויף יעדן גאָרן.

איך בין פּאַר אַ גרויסן יקרות.

מאַכט אַ הויכן טאַריף אויף דער ליבע. און זאָלן זי קענען באַקומען בלויז די רייכע נשמות, די מיליאָנערן פון גייסט, די מלכים פון שיינקייט, די פּרינצן פון געפילן.

דער שאָדן פון ביליקער ליבע איז פיל גרעסער, ווי דער שאָדן פון טייערן צוקער.

ביליקע ליבע — הייסט ביליקע פּאָעזיע, ביליקע שטימונג.

אָן טאַריף איז די ליבע ביי די היינטיקע פּאָעטן, און דערום איז זי אַזוי ביליק ביים פאָלק.

אָ, איר ליבע-שאַכערער, איר ביליקע סוחרים פון פּאַרנאַס, איר פּאָליטיקאַנען פון דער מוזע, ווי איך האַס אייך!

פאַרוואָס האָט איר נעמאַכט פון דער ליבע אַ ביליקן אויספאַרקויף פון גראַמען, אַ קליין-קרעמעריי פון געפילן?

גיט מיר צוריק די סערענאַדע פון דעם אַמאָליקן פאַרליבטן אונטערן הויכן פענסטער פון זיין געליבטע, און נאַט אייך אַוועק די גאַנצע קאָרידאָר-ליבע פון אונזערע זין און טעכטער!..

גיט מיר דעם ווייטיק פון איין פאַרליבטער נשמה פון אַמאָל, דעם חלום פון איין אַמאָליקער קליינשטעטלדיקער מיידל, און נאַט אייך צלע שבועות, קאָמפּלימענטן און ליבע-פליסטעריניש פון אַלע טאַנצזאַלן פון דער גרעסטער וועלטשטאָט!

מאַכט א הויכן שטייער אויף הייראַט, זאָל נישט יעדער מעגן פירן צו דער חופה זיין ביליקע נשמה.

זאָלן נאָר הויכע גייסטער זיך מעגן פאָרן און געבוירן קינדער פאַר דער צוקונפט.

תלמידים, מיך ארט נישט דער יקרות אויף האָבער. מיך קי-מערט נאָר דער זול אויף דער נשמה.

פון טייערן האָבער האָבן ליידן בלויז דורות פערד.
אָבער פון ביליקע הייליקייטן ליידן דורות מענטשן.
ביליקער צוקער — הייסט נאָך נישט פאַרזיסן דאָס לעבן.
ביליקער וואָל — הייסט נאָך נישט קליידער פאַר אַלעמען...
אָ, ווי איך האָב פיינט דעם זול אויף אַלע אונזערע הייליקייטן!
נאָר דורכן טייערן וועג פון יקרות וועלן מיר קומען צום נייעם מענטשן!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

װעגן טאַנצן און טענצער.

און פּאַמפּאַדור איז איינמאָל אין אַ ווינטער-אָוונט געקומען אויף אַ באַל און האָט, ווי זיין שטייגער איז, זיך געשטעלט אָן אַ זייט.

און פּאַמפּאַדור האָט געקוקט אויף די פּאָרלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט אָן אַ טאָלק, און אייניקע מיידלעך האָבן איינגעלאַדן פּאַמ-פּאַדורן צום טאַנצן, נאָר ער האָט נישט געוואָלט.

און ווען זיי האָבן אים געפרעגט, פאַרוואָס טאַנצט ער נישט, האָט ער צו זיי אַזוי געזאָגט:

נישט קיין שונא פון טענץ שטייט דאָ פאַר אייך: פּאַמפּאַדור
האַלט זייער פון טאַנצן.
טאַנצן — דאָס איז דער קערפּער-פּלייס, וואָס פאַרדעקט די
פּוילקייט פון גייסט.
נישט קיין שונא פון טענץ שטייט דאָ פאַר אייך: פּאַמפּאַדור
האַלט זייער פון טאַנצן.
טאַנצן, דאָס איז דער קערפּערפּלייס, וואָס פאַרדעקט די פּויל-
קייט פון גייסט.
טאַנצן פאַר אַ יונגנמאַן איז אַ גאָלדענע ווענטקע אין די
הענט פון אַ גוטן פישער...
איך האַלט זייער פיל פון טאַנצן, אָבער איך קען נישט...
ליבע מיידלעך, ווייסט איר וואָס הייסט קומען אויף אַ באַל,
זיין יונג און נישט קענען טאַנצן?
ליבע מיידלעך, אַן אומגליקלעכער איז פּאַמפּאַדור...
און ווען די מיידלעך זענען אַוועק פון אים, האָט ער צו זיינע
תלמידים אַזוי געזאָגט:
די גאַנצע חכמה אין לעבן באַשטייט אין טאַנצן.
טאַנצן — הייסט זיין קלוג אין לעבן.
טאַנץ אַרום אַלץ, דריי זיך אַרום אַלץ, בויג דיין קערפּער, ווי
אַ שלאַנג, בויג זיך, ווי אַ פּאָליטיקאַן ערב וואַלן, קלאַפּ צו מיטן
פוס, וואו מ'דאַרף — און דו וועסט באַהערשן דעם באַל פון לעבן...
זיין אויף דעם באַל פון לעבן און נישט טאַנצן, הייסט פאַרלירן
אַ געלעגנהייט צו געווינען...
טאַנצן גוט — הייסט יאָ אָנטרעטן און נישט אָנטרעטן אויף
פרעמדע הינעראויגן...
טאַנצן — דאָס מוזן גוט קענען קלוגע פּאָליטיקער, געשייטע
כּלל-טוער און פּעיִקע רעדאַקטאָרן...
טאַנץ אַלע טענץ, אַבי האָב דערפאָלג!
טאַנץ אַליין, אין צווייען, אין קאַראַהאָד, — אַבי געווינן חן.
צו טאַנצן אַליין אָבער מוז מען זיין שטאַרק.
טאַנצן אַליין—הייסט באַהערשן די מאַסן.
טאַנצן אַליין, הייסט געווינען אָדער פאַרלירן.
קענסטו דאָס — אַזוי וואויל צו דיר! ווען נישט, גיי אין קאַ-
ראַהאָד!...

אַ קאַראַהאָד — הייסט פאַרבריידערונג פון פיס, הייסט צוזאַמענ-גיסן דיינע חסרונות מיט די חסרונות פון כלל, באַטייט אָפּטמאָל דאָס פאַרדעקן פון די אייגענע חסרונות...

פאַל נישט אַרויס פון קאַראַהאָד, דערמיט שרייבסטו זיך אַליין אונטער דיין טאַנץ-אורטייל.

מעגסט האָבן אַ טריט פון אַ בער, באַוועגונגען פון אַן אוראַנג-אוטאַנג, וועט מען דיך נישט קריטיקירן, ווען דו טאַנצסט מיט מיט אַלעמען...

אָ, פריינט מיינע, עס איז גוט צו טאַנצן!

אָ, פריינט מיינע, זייט מיר מוחל, וואָס איך קען נישט טאַנצן...

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

ועגן שיכרות און שיכורים.

און ס'איז געווען פורים צו דער סעודה, און די תלמידים זענען געווען אַ ביסל שיכורלעך און זיי האָבן פיל פראַגן פּאַמפּאַדורן גע-שטעלט.

און פּאַמפּאַדור האָט אויפגעהייבן אַ גרויס גלאָז וויין, אויסגע-טרונקען מיט איין זופּ און האָט אַזוי געזאָגט:

תלמידים מיינע, וואָס איז לעבן? לעבן איז אַ גיגאַנטישע פלאַש וויין... טרינקט ביזוואַנען איר קומט צום דעק...

לעבן איז שיכרות.

לעבן איינזאַם — הייסט שיכורן אַליין, ביחידות.

זיין אַ מענטש פון געזעלשאַפט — הייסט טרינקען בצבור.

שיכרות — דאָס איז פאַרגעטערונג פון זאַכן, דאָס איז חסידות, עכטע ליבע — דאָס איז 99-ער משקה: עס ברענט אין מוח, אין האַרצן!

אייפערזוכט — דאָס איז שיכרות פון געזונטע מענטשן.

טרינקט, תלמידים מיינע!

איך האָב זייער נישט ליב די צוביסלעך-זופער, די פאַרבייסער נאָך יעדן זופּ, די אַריינטקראַטן פון שענק..

טרינקען — הייסט אריינגיסן מיטאמאל, מיט איין זופּ און נישט פארקרימען זיך...

און משקה דארף זיין שטארק, שארף, ביטער; אמתער ספּירט מוז ברענען!

שוואכע משקה, ווי שוואכע פּאעזיע, שטילט נישט דעם דאָרשט.

שוואכע משקה, ווי ליבע פון אן אלטער פרוי, ברענט נישט, נאָר איבּלט.

און נאָך האָט פּאמפּאדור געזאָגט

פריינט! טרינקט נישט פון גלעזל.

א גלעזל — דאָס איז א מאָס, א צוים פארן מויל; דאָס איז שקלאַפעריי פון טרינקטיש.

טרינקט פון פלאש און ווארפט נאָכדעם די פלאש צום באלקן: דאָס איז פרייהייט, אָפּטימיזם, דער גאלגאן-הומאָר פון לעבן...

און צעבראָכן האָט פּאמפּאדור א גרויסע פלאש און האָט אזוי געזאָגט:

פריינט! טרינקט נישט, ווי יידן, און זוכט נישט קיין ספּעציעלע ימים-טובים אויף צו מאכן א שנאפּס.

טרינקט אין אלע ימים-טובים און אין אלע וואָכנטעג.

טרינקט אויף מרדכיס הצלה און המנס מפּלה! טרינקט אויף אייער אייגענער מפּלה!

יידן לעבן אויף נסים און טרינקען נאָר מיט נסים.

זייט, ווי גוים, ווארט נישט אויף נסים און טרינקט שטענדיק!

א שענק — דאָס איז די חופּה פונם גליקלעכן, די חתונה פון דעם הייראטלאָזן.

געבענטשט זאָל מיר זיין די פלאש שנאפּס! — זי פירט צו פארגעסנקייט, און פארגעסנקייט איז די מוטער פון נייעם לעבן...

פארגעסן זיך — הייסט פארשיכורן די פארגאנגענהייט אין לאכן צו דער צוקונפט...

א שיכור — דאָס איז א מאן, וואָס גייט דורך זיין וועלט וואקלענדיק און שאָקלענדיק זיין קאָפּ אין אלע זייטן.

און נאָר דער, וואָס שאָקלט זיין קאָפּ אויף אלע זייטן, איז א גליקלעכער!

זיין ניכטער — דאָס הייסט גיין גלייך. און גייסטו גלייך,

האָסטו נאָר איין וועג פאַר די אויגן. און איין וועג איז ענגשאַפט פאַר דער נשמה.

שיכּורן — דאָס הייסט פאַרזעצן די ווירקלעכקייט אין דעם לאָמבאַרד פון דער פאַנטאַזיע, — און נאָר די פאַנטאַזיע איז דער אוצר פון די קבצנים...

ניכטערקייט — דאָס איז דאָס געווער פון פרויען. די נאַטור האָט זיי באַשאַפן נ י כ ט ע ר ע, כּדי צו קענען פאַרשיכּורן די מענער...

פרויען — ווילט איר גלייכע רעכט מיט די מענער, הייבט אָן שיכּורן! נאָר אין שענק וועט איר אייערע רעכט באַקומען!..

און צעהיצט האָט זיך פאָמפּאַדור און האָט אויסגערופן:

אָ, איר ניכטערע באַשעפענישן! לאַכט נישט פון די שיכּורים, וואָס וואַלגערן זיך שיכּורערהייט אין די גאַסן, כּל-זמן איר קענט די נ י כ ט ע ר ע קיין היים נישט געבן!..

אַזוי האָט גערעדט פאָמפּאַדור.

### וועגן תשובה און פאַרטיי-בעלי-תשובה.

און די תּלמידים האָבן געפונען פאָמפּאַדורן, זיצנדיק אויף אַ הויכן שטיין, אין איינעם פון די שטאָטפּאַרקן, און זיי האָבן אים געבעטן, אַזויווי איצט איז די צייט פון תּשובה טאָן, זאָל ער זיי עפּעס זאָגן וועגן תּשובה.

און פאָמפּאַדור איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער און האָט געשוויגן.

אָבער די תּלמידים האָבן אים אַרומגערינגלט און זיי האָבן געוואָלט וויסן, פאַרוואָס ער וויל נישט רעדן וועגן תּשובה.

און פאָמפּאַדור האָט זיי געהייסן זיך זעצן אַרום אים אויפן גרויסן שטיין, און ער האָט אַזוי געזאָגט:

תּלמידים! ווייסט איר, פאַרוואָס איך וויל נישט רעדן פון תּשובה? ווייל תּשובה, ווי צדקה, זענען טעכנישע מיטלען צו באַרויקן דעם אייגענעם געוויסן, און פאָמפּאַדור האָט נישט ליב די געוויסן-באַרויקער פון אַלע סאָרטן.

דאָס, וואָס צדקה געבן איז פאַר רייכע רויבער און מיליאָנע-

רישע וועלט-באַצווינגער, דאָס איז תשובה טאָן פאַר זעלן-אָרעמע און געפּיל-קבצנים.

דער רייכער רויבער טיילט צדקה, און הערט נישט אויף צו רויבן און דער זעלן-אָרעמער טוט תשובה, און הערט נישט אויף צו קריכן אין בלאָטע.

ביידע, אי דער רייכער צדקה-געבער, אי דער אָרעמער תשובה-טוער, זענען פּחדנים, מענטשן, וואָס ציטערן פאַרן יום-הדין, און נאָכמער פאַר זייער הויט.

און פּאָמפּאַדור האָט פיינט פּחדנים, מעגן זיי אַפילו זיין עכט פילאַנטראָפּיש און עכט מאָראַליש.

תשובה, ווי צדקה, זענען פּאַטענטירטע רפואות פאַר פּוסטע נשמות. הכשרים צו זינדיקן ווייטער. גוטע סחורה אין די הענט פון מאַרקשרייענדיקע הענדלער, ווייל גאַנץ ערלעכע מענטשן דאַרפן זיך נישט אויסקויפן נישט מיט תשובה, נישט מיט צדקה.

און פּאָמפּאַדור האָט געוואָרפן אַ שטרענגן בליק אויף זיינע תּלמידים און האָט ווייטער גערעדט:

אַ שטענדיקער בעל-עבירה איז אַ מענטש אָן אויסגעהאַלטענער, און אויסגעהאַלטנקייט ביי עבירות איז שיין, — ווי ס ט י ל אין שרייבן.

אַ שטענדיקער בעל-עבירה איז אַ מענטש מיט כאַראַקטער, מיט אַ הארט האַרץ און אַ האַרטן נאַקן, און כאַראַקטער איז אַ פעלז אויפן פעלד. איר האָט פאַר אים דרך-ארץ, ווען אַפילו איר קענט אויף אים נישט אָנשפּאַרן דעם קאָפּ...

אַ בעל-תשובה איז אַ מענטש אָן אַ רוקנביין, און אַ מענטש אָן אַ רוקנביין איז ווי אַ שרייבער אָן סטיל, — אַ נאָכמאַכער. אַ נאָכקרימער.

אַ בעל-תשובה איז אויך אַ מענטש, וואָס איז מיד געוואָרן פון זינדיקן, אָדער וואָס האָט פאַרלוירן די קראַפט צו זינדיקן, און מיד-געוואָרענע און קראַפטלאָזע זענען גוטע איינוואוינער פאַר מושב-זקנימס.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פאַרקוקט אויף דער פאַרגייענדיקער הערבסטזון און ער האָט אַזוי געזאָגט:

פריינט מיינע! פּאָמפּאַדור האָט ליב עקשנים, איינגעשפּאַרטע

בעלי-עבירות, מענטשן, וואָס שיינען אויף זייער אופן ביז דעם אונ-טערגאַנג פון זייער זון...

פּאָמפּאַדור האָט גרויס דרך-ארץ פאַר די אלישע בן אבויהס, וואָס ווילן נישט תשובה טאָן.

וואָס איז תשובה? — תשובה איז אַ ווייכער שאָקל-שטול אויף צו פאַרשלעפערן אויף דער עלטער דעם אויסגעשפּילטן „איך".

און וואָס איז זינד? — זינד איז אַ יונג פאַרשייט פערדל, וואָס פליט איבער וואַלד און פעלד, ביז עס ברעכט האַלז און נאַקן.

תלמידים! פּאָמפּאַדור האָט נישט ליב קיין בעלי-תשובות, ווי ער האָט נישט ליב קיין גרים.

בעלי-תשובה, ווי גרים, זענען קליינהענדלער מיט גרויסע זאַכן.

בעלי-תשובה, ווי גרים, ווילן אנערקענונג פאַר זייער אָפּפער, פאַרבערקרענץ פאַר זייערע אויפטואונגען, שטולן אין גן-עדן פאַר זייערע מעשים-טובים... און וואָס איז דאָס, אויב נישט קליינהאַנדל?

פּאָמפּאַדור זאָגט צום גר: פריינט, גאָטזוכער, קום נישט צו אונז, מיר זענען נאָך אַליין אויך נישט זיכער, אויב ביי אונז איז דער ריכטיקער גאָט.

פּאָמפּאַדור זאָגט צום בעל-תשובה: פריינט חרטה-האָבער! שטיי, וואו דו שטייסט, מיר האָבן נאָך נישט אונטערגעזוכט, צי אונזער פלאַטפאָרם איז די שטאַרקסטע.

און פּאָמפּאַדור איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער די תלמידים האָבן אים געבעטן, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן, און ער האָט געזאָגט:

תלמידים! מער ווי די שול-בעלי-תשובה האָב איך פיינט די פאַרטיי-בעלי-תשובה.

פאַרטיי-בעלי-תשובה — דאָס זענען אַנטלאָפענע מענער, וואָס קו-מען צוריק...

נאַריש איז אַנטלויפן פון דער ווייב (צו וואָס ביזטו פריער אזוי געלאָפן נאָך איר?), אָבער נאָך נאַרישער איז דאָס קומען צוריק.

נאַריש איז דאָס אַנטלויפן פון דער אייגענער פאַרטיי, אָבער נאָך נאַרישער איז דאָס קומען צוריק.

און דער עיקר: מיט פאַרטיי-בעלי-תשובה, ווי מיט אַנטלאָפענע מענער, קען מען קיינמאָל נישט זיין זיכער.

צוריקגעקומענע מענער קענען ס'רוב נישט בלייבן לאַנג אינ-דערהיים און זיי אַנטלויפן ווידער.

און די מערסטע פּאַרטיי־בעלי־תּשובה קענען נישט בלייבן ביי זייער ערשטער תּשובה.

און פּאַמפּאַדור איז אַראָפּ פון שטיין, האָט געדריקט זיינע תּלמידים די הענט און זיי צום אָפּשייד אַזוי געזאָגט:

פריינט מיינע, איילט זיך נישט צו ווערן בעלי־תּשובה! איילט זיך בעסער צו זינדיקן!

איר פרעגט, פאַרוואָס? ווייל זינדיקן הייסט געניסן פון לעבן, און גענוס איז ראַנדעוואו מיט דער בליץ־שווינדעדיקער צייט, וועלכע מען טאָר נישט פאַרשפּעטיקן... אָבער תּשובה־טאָן — דאָס קענט איר אַפילו צען מינוט פאַרן טויט.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור, און ער האָט פאַרלאָזט זיינע תּלמידים.

וועגן טעאַטער און אַקטיאָרן.

און די תּלמידים האָבן געפרעגט פּאַמפּאַדורן, פאַרוואָס מען זעט אים אַזוי ווייניק אין טעאַטער?

און פּאַמפּאַדור האָט אַזוי געזאָגט:

תּלמידים! פּאַמפּאַדור האָט נישט ליב טעאַטער, ווייל ער האָט ליב דאָס לעבן.

און טעאַטער איז נישט לעבן, נאָר מאַסקע, גרים, פאַרב און פאַלשקייט.

אויב טעאַטער איז אַפילו דער שפּיגל פון לעבן, איז דאָס זייער אַ ביליקער שפּיגל.

פּאַמפּאַדור האַלט נישט פון טעאַטער.

טעאַטער — איז פאַר פּאַמפּאַדורן נישט קיין אמתע קונסט, און אַקטיאָרן זענען ביי אים נישט קיין אמתע קינסטלער.

אמתע קונסט — איז באַשיידן, שטיל, אַ ווינקל פאַר זיך אַליין.

אַן אמתער קינסטלער האָט פיינט אַן עולם, וואָס קומט אויף אים קוקן, ווען ער שאַפט...

אמתע קינסטלער שאַפן נישט אויף אַ שטאַרק באַלויכטענער בינע, נאָר ביים ליכט פון זייער אייגענער נשמה.

אמתע קינסטלער שאַפן פריער פון אַלץ פאַר זיך אַליין.

וואָס נענטער די שאַפונג איז צום קינסטלער, אַלץ ווייטער איז דער קינסטלער פון עולם.

און טעאַטער-קונסט—הייסט האָבן וואָס אַ גרעסערן עולם.

וואָס איז אַן אַקטיאָר? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און פּאָמפּאַדור ענטפערט: אין בעסטן פאַל איז אַן אַקטיאָר אַ מענטש, וואָס פאַרקויפט שטיקער טאַלענט אויפן פונט פאַר אַ מאַרק מיט מענטשן.

פּאָמפּאַדור האַלט נישט פון אַקטיאָרן.

דער גרעסטער אַקטיאָר איז קלענער אין די אויגן פון פּאָמפּאַדורן פון דעם קלענסטן פּאָעט.

ווייל דער קלענסטער פּאָעט שאַפט פריער פון אַלץ—צו זעטיקן זיין אייגענע נשמה.

און דער גרעסטער אַקטיאָר שאַפט שטענדיק—צו באַפרידיקן דעם גרויסן עולם.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און ווייטער גערעדט:

טעאַטער איז שונד.

שפילן טעאַטער, ווי שרייבן אַ שונד-ראָמאַן, הייסט וועלן נעמען דעם עולם, הייסט זיך אַרונטערלאָזן צו זיין מאַיעסטעט דאָס „ווערטע פּובליקום".

די שוישפּיל-קונסט איז פריער פאַר אַלץ קערפּער-קונסט. און די קונסט פון קערפּער איז קונצנמאַכעריש.

די שוישפּיל-קונסט איז געצילט פריער פון אַלץ פאַרן אויג, און דאָס אויג אין אַ מענטשן קען מען בלענדן.

די שוישפּיל-קונסט איז אַ קונסט, וואָס קומט פון אַ צווייטער האַנט—פון שרייבער צום אַקטיאָר. און דאָס איז ווי אַ געליבטע, וואָס קומט צו אייך נאָכדעם, ווי זי איז געלעגן אין די אָרעמס פון אַ צווייטן.

תּלמידים, ווייסט איר, וואָס איז באמת טעאַטער און וואָס איז באמת אַן אַקטיאָר?

טעאַטער, ווי מלחמה, — אין ביידע זוכט מען „העלדן", נישט קיין קינסטלער.

אַן אַקטיאָר, ווי אַ גענעראַל,—זוכט, דער עיקר, צו נעמען מיט

שטורעם, זיך אויסצייכענען. ער ווענדט דערביי אָן אַלע סטראַטעגישע מיטלען.

אויף דער בינע פון טעאַטער, ווי אויף דער בינע פון מלחמה, איז דער עיקר דער מאָמענט: מען דאַרף וויסן, ווי אויסצונוצן דעם מאָמענט פון באַגייסטערונג. מען דאַרף קענען נאַרן דעם „שונא", אים אָפּטאָן אַ שפּיצל, אים נעמען געפאַנגען.

און אַלץ, וואָס איז געבויט אויפן מאָמענט, איז נישט קיין קונסט.

טעאַטער-קונסט איז באַזירט אויף דער שנעלסטער שנעלקייט, עס דאַרף „קלאַפּן", עס דאַרף נעמען.

און דאָס אמתע לעבן, ווי די אמתע קונסט, איז אין לאַנג-ווייליקייט און אַפילו אין פוילקייט.

טעאַטער טאָר נישט לאַנגווייליקן.

קונסט מעג.

יעדעס גרויסע קונסטווערק לאַנגווייליקט. אַזוי ווי דאָס לעבן גופא.

טעאַטער איז אַ פאַרגעניגן, קונסט אַ טרויערדיקער חוב.

תלמידים! איר זענט אוודאי מקנא די אַקטיאָרן, די אַפּלאָדיסמענטן, וואָס זיי קריגן, אין דער צייט, ווען אַ שריפטשטעלער זעט נישט זיינע באַוואונדערער?

פּאָמפּאַדור איז איבערצייגט, אַז טאַקע די אַפּלאָדיסמענטן — דאָס זענען די קבורה-רידלען פון דער טעאַטער-קונסט.

בעסער שאַפן אונטער די שטילע פליגלען פון דער איינציקער מוזע, איידער אונטער דעם אַפּלאָדיסמענטן-רויש פון אַ טויזנטקעפּיקן עולם.

פּאָמפּאַדור האָט מיטלייד מיט די אַקטיאָרן, וועלכע פאַרבן זיך אָפּ אַ לעבן, גרימען זיך אָפּ די יאָרן און בלייבן מיט צעקנייטשטע פּנימער און פּעקן אונטער די אויגן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָדפּאַדור. אין יענער צייט איז ער נאָך נישט געווען קיין טעאַטער-קריטיקער.

און ס'איז געווען אין סאַמע פלאַקער פון וועלט-מלחמה. און פּאַמפּאַדור איז געווען פאַרצווייפלט, און ער האָט אַזוי צו זיינע תלמידים געזאָגט:

תלמידים! אומזיסט זענען אַלע אונזערע חלומות און דער-וואַרטונגען: די וועלט וועט קיין שלום נישט האָבן. לאָמיר אויפהערן זיך שפּילן אין שלום-שפּיל.

תלמידים מיינע! אויך פּאַמפּאַדור ווערט אַ מלחמה-פּרעדיקער.

וואָס איז אַ וועלט פון שלום? — אַ וועלט פון שלום איז אַ וועלט פון גראָז-עסן און מילך-טרינקען.

וואָס זענען די נאָכפאָלגער פון ישעיה הנביא? — אויסגעמאָ-גערטע וועגעטאַריאַנער, מילכיקע פּילאָזאָפן און ווייבער, וואָס ווילן נישט פאַרלירן זייערע שפּייזער.

תלמידים, איך ווער אַ פליישׂ-עסער!

צו וואָס זיך אַליין נאַרן? מלחמה—דאָס איז אַ נייטיקייט פאַר דער וועלט, ווי פלייש-עסן פאַר דעם איינצלנעם.

מלחמה — דאָס איז אַ געזונטער צפּעטיט פון אַ געזונט פאָלק.

וועלט-מלחמה — דאָס הייסט עסן פלייש מיטן פולן מויל, זויפן בלוט מיטן פולן לעפל, — אַ ריזעדיקער בראַטן פון מיליאָנען פודן סאָלדאַטן-פלייש, סערווירט פון דיפּלאָמאַטן.

און וואָס איז שלום? שלום הייסט זיין אַ בהמה, מעקען און לאָזן זיך מעלקן.

שלום—דאָס איז אַ דיעטע בלויז פאַר קראַנקע, שווינדזוכטיקע פעלקער, פאַר שוואַך-ברוסטיקע נאַצ־יעס.

פּאַמפּאַדור איז איצט אַפילו פאַר אַ וועלט-קריג.

די וועלט מיט איר גאַנצער קולטור האָט ביז דער איצטיקער גרויסער וועלט-מלחמה אויסגעקוקט, ווי אַ מילכיקער רעסטאָראַן, פול מיט מאָגן-ליידנדיקע בטלנים.

אייראָפּע האָט צופיל פּראַקטיצירט וועגעטאַריאַניזם, סערוויר־ט פון האָניק-דיפּלאָמאַטן און פוטערדיקע פרידן-שמירער.

איצט האָט דאָס וואָרט די פלייש-עסנדיקע חיה, דער גענעראַל מיט דעם בייגער-צעשמעטערנדיקן האַרמאַט, דער מענטש פון בלוטדורשט.

מענטשן! — רופט פּאַמפּאַדור — צו וואָס זיך מאַסקירן פאַר

מענטשן? עפנט ווילד אויף אייערע אויגן, צעשפּרייט די נאָזלעכער און ווערט חיות.

מענטשן! קערט זיך אום צום וואַלד, צו אייער ערשטער, אמתער היים, פּרעסט אויף איינער דעם צווייטן און רעוועט אויס אַ ליבּ־געזאַנג צום גאָט פון וואַלד!

די וועלט מוז איבערגעפאַרבּט ווערן מיט בּלוט!

וואָס איז געשיכטע? גאָרנישט!

בּלוט — דאָס איז וועלטגעשיכטע.

וואַשט אָפּ דאָס בּלוט פון די היסטאָרישע בּיכער און עס וועלן בּלייבּן שמאַטעס, באַצוקערטע ליגנס און נאַרישע מעשיות פאַר אַלטע באָבעס.

פּאַמפּאַדור זעט איצט די וועלט אין אַ בּלוט־וואַנע און ער זאָגט:

בּלוט — דאָס איז לעבּן.

פאַרגיסן בּלוט — דאָס איז מענטשלעך פון אייביק עולם.

יעדעס גרויסע פאַרגעניגן ווערט געקויפט מיט בּלוטפאַרגיסונג.

ליבּן שטאַרק — הייסט פאַרוואונדן זיך.

ווערן מוטער — הייסט בּלוטן.

בּלוט — דאָס איז שאַפן.

אָן בּלוט מאַכט מען צייטונג־אַרטיקלען, שלעכטע פּאָעזיע און וואַסערדיקע פילאָזאָפיע.

און צו וואָס די פּוסטע רייד וועגן רחמנות?

רחמנות — דאָס איז אַ מפּיל־קינד פון צדקה, וועלכע איז אַליין אויך אַ וויסטע קאַליקע.

רחמנות — דאָס איז אַ פילאַנטראָפּיש ליליפּוטשלאַסטערל, געלייגט פון קאַפּיטאַליסטישע רויבּער־דאָקטוירים אויף דער גיגאַנטישער וואונד פון דער געזעלשאַפט.

און רעדט מיט מיר אויך נישט וועגן שלום־זוכער, די סאָציאַליסטן.

סאָציאַליסטן — דאָס זענען די זויגקינדער פון דער וועלט: זיי זויגן די דאַרע בּרוסט פון שלום, ווייל זייערע ציינדלעך זענען נאָך צו שוואַך צו קייען פלייש.

גלויבּט פּאַמפּאַדורן. זאָלן זיי נאָר עלטער ווערן און זיך זעצן בּיים טיש גלייך מיט אַלעמען, און זיי וועלן אויך ווערן פליישעסער, ווי אַלע.

תלמידים, פּאָמפּאַדור זעט די מיליאָנען מחנות סאָלדאַטן, וואָס זענען גרייט אויסגעהרגעט צו ווערן, און ער בלייבט רויק. אים אַרן נישט מער די גרויסע בוכשטאַבן פון די „עקסטרעס", אים קימערט נישט די גרויסע צאָל הרוגים.

מאַכן אַ גאַנצן בית-עולם אויפּאַמאָל איז דען נישט דאָס איי-גענע, ווי מאַכן אַ מתים-שטאָט ביסלעכווייז?

תלמידים מײַנע, זייט פלײשפרעסער! איך בין פּאַר מענטש-חיה אויף דער וועלט, כל זמן עס איז נאָך קיינעם נישט געלונגען צו מאַכן פון דער ערד אַן אָבטן הימל...

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

דעמאָלט האָבן אים זיינע תלמידים אָנגעטראָפן גייענדיק אין דער ריכטונג פון וואַלד.

## וועגן אייביקן הונגער און דערוויילּיקן נאַכטלעגער.

און ס'איז געווען אין די צייטן פון אַרבעטלאָזיקייט, ווען די אַרבעטלאָזע מחנות האָבן געשטורעמט די קירכן און געפאָדערט עסן און נאַכטלעגער, און פּאָמפּאַדור האָט זיך געשטעלט אויף אַ טרעפּל פון אַ קירך און ער האָט אַזוי געזאָגט:

תלמידים! פּאָמפּאַדור איז פאַר אייביקן הונגער אויף דער וועלט.

פּאָמפּאַדור איז מיט אייך, איר אייביק-הונגעריקע.

הונגערן — דאָס איז נאָר די פּריווילעגיע פון קינסטלער, שיינ-קייט-זוכער און הימל-דערגרייכער.

ווילט איר דערגרייכן וואָס שנעלער דעם הימל, דאַן מוזט איר אייער גוף מאַכן לייכט, ווי אַ פייגעלע פון שטאָטישע פּאַרקן.

תלמידים! זייט שטענדיק הונגעריק נאָך עפּעס.

הונגערט נאָך ליבע, נאָך שיינקייט, נאָך מאכלים נישט גע-גרייטע און געטראַנקען נישט דערלאַנגטע.

ווייל נאָר הונגעריקערהייט קענט איר זיי דערגרייכן.

תלמידים מײַנע, זייט קינסטלער!

און אויב ס'איז אייך שווער צו זיין קינסטלער פון פעדער און פון פענזל, דאַן זייט, לכל הפחות, קינסטלער פון נישט-עסן.
קינסטלער מוזן הונגערן.
זאַטע נפשות ווערן באַלעבאַטים פון בייכלעך און פון „ביכ-לעך", אָבער נישט די הערשער פון נייע אמתן און נישט געבענק-ביקלטע חלומות.
זאַטקייט — איז דער טויט פאַרן שעפערישן גייסט.
ווען מ'שלאָפט מיט אַ פולן מאָגן, קען מען אפילו נישט חלומען פון בייגל מיט פוטער.
דעם קינסטלערס בעט איז זיין שרייבטיש: נאָר דאָרטן ווערן געבוירן זיינע שענסטע חלומות.
דאָס פוטערגעבעקס פונם שיינקייט-זוכער זענען זיינע פאַנטאַזיעס.
שאַפן — דאָס הייסט הונגערן, דאָס זענען די אייביקע קראַמפן פון דער נשמה.
תּלמידים מיינע, זייט שאַפער און שטויסט די וועלט צום שאַפן!
אַ זאַטע מענטשהייט — דאָס הייסט אַ מענטשהייט פון בלויז מאָגן און אַפּפּירמיטלען.
פּאַמפּאַדור איז פאַר הונגער.
דער הונגער איז פאַר דעם גייסט דאָס אייגענע, וואָס דער קאָרסעט פאַר דעם פרויענקערפּער: ער מאַכט אים איידעלער.
פּאַמפּאַדור איז קעגן זאַטקייט.
זאַטקייט — דאָס איז זיכערקייט, און אַ פיינע נשמה טאָר נישט זיין זיכער.
אמתע פיינקייט — הייסט שטענדיק ציטערן פאַרן מאָרגן.
קינסטלערישע נשמות דאַרפן שטענדיק בלאָנדזשען און שטענ-דיק זוכן נייע נאַכטלעגערס.
אָ, איר היימלאָזע, זוכט נישט קיין היימען, נאָר נאַכטלעגערס! גייט אפילו אין די קירכן.
עלץ איז בעסער צו לאָזן דאָרט איבערנעכטיקן אייער קערפּער, איידער צו טאָגן דאָרט מיט דער נשמה.
תּלמידים, האַלט אין איין זוכן נייע היימען, אָבער געפינט נישט!
— געפין נישט קיין היים! — רופט די קונסט צו דער קינסט-לערישער נשמה.
תּלמידים מיינע! פּאַמפּאַדור איז שטענדיק הונגעריק.

צענדליקער פרויען קענען נישט שטילן זיין גרויסן הונגער נאָך ליבע.

צו פּאַמפּאַדורן שמייכלען שענדיק נייע היימען און ווינקען שטענדיק נייע ליבעס.

אזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור, און איז אַרונטער פון טרעפּ.

וועגן באַנק-ביכלעך און געלט-שפּאָרעניש.

תּלמידים מיינע, שפּאָרט נישט קיין געלט!

דער רויִקסטער קאָפּ איז דער געדאַנקענלאָזער, דאָס מונטערסטע האַרץ איז דאָס זאָרג־לאָזע, און די זיכערסטע קעשענע איז די פּוסטע.

תּלמידים מיינע, פאָלגט אייער פּאַמפּאַדורן, און הערט וואָס ער זאָגט אייך:

שפּאָרן געלט — דאָס איז די מאַמע פון איינגעשרומפּטן מאגן, דער מיקראָב פון שווינדזוכט.

שפּאָרן געלט — דאָס איז דער קבֿרן פון אייער פאַרגעניגן, די לאָפּעטע ערד אויף אייער לעבנסלוסט, די תּכריכים פון אייער זאָרגלאָזיקייט.

דאָס באַנק-ביכל ביים לעבן איז דאָס אייגענע, וואָס דער גן-עדן נאָכן טויט: ביידע ל גן אין די הענט פון באַנקירן און הענדלער מיט דער דומקייט פון פאָלק...

אָ, איר אָפּגענאַרטע פון ביידע וועלטן! בויט נישט אייער גליק אויף שפּאָרן פאַר דעם מאָרגן. בויט אייער גליק אויף פאַרלעבן דעם היינט.

נאַראָנים! גיט אויס אייער גליק מיטאמאָל. פאַרלעבט אייער געלט, ווי אייערע טעג: אַלצאיינס זענט איר באַנקראָט.

לאַכט פון דער צוקונפט!

די צוקונפט—דאָס איז אין בעסטן פאַל אַ באַנק-ביכל ביים באַנקיר „צופאַל".

אוי, די באַנק-ביכלעך און די חלומות פון צוקונפטיקע גליקן, ווי זיי נאַרן דעם מענטשן!

דאָס בעסטע באַנק-ביכל איז נישט מער, ווי אַ שטיק פּאַפּיר.
און דאָס גרעסטע גליק איז נישט מער, ווי אַ געשריבענער ציפער.
בויען דאָס גליק פון לעבן אויף אַ באַנקבוך איז דאָס אייגענע, ווי אויפהאַלטן דעם שלום-בית אויף אַ כתובה...

תּלמידים! פּאַמפּאַדור איז לאַנג געקומען צום שלוס, אַז בעסער ליגן דאָס גליק ביי דעם לייכטפליגלדיקן „מאָמענט", איידער ביי דעם פעטבייכיקן באַנקיר.

אַ באַנקיר — דאָס איז אַ רויבער מיט אַ חשבון.

אַ באַנקיר — איז אַ ווייב אויף דאַטשע, זי לעבט אַ טאָג אויף אייער רעכענונג...

דער בעסטער באַנקיר איז נאָר דער טויטער, ווייל ער קען שוין אייער געלט נישט פאַרלעבן...

אַ באַנק — דאָס איז אונזער פאַרמשכּונט לעבן: עס עסט אויף דעם קרן מיטן פּראָצענט.

אַ באַנק — דאָס איז אונזער האָפענונג, פאַרזעצט אויף קליינע פּראָצענט.

אַ באַנק — דאָס איז דער מאָרגנדיקער טאָג, וואָס קען ברענגען אַ געלאַף אויף אַלע דיינע טרוימען...

די זיכערסטע באַנק איז די באַנק פאַרן הויז, אויף איר זיצט מען, אָבער זי זעצט נישט אָן.

תּלמידים מיינע, שפּאָרט נישט.

האָבן אַ באַנקביכל הייסט זאָרגן פאַר אַ צוקונפט, באַזאָרגן זיך מיט אַ פּרוי, אַרבעטן אַ גאַנצן לעבן און זיך אָפּשפּאָרן אַ הויקער.

אַ באַנקביכל — דאָס איז באַנקראָטירטע בחורשאַפט, אַ וואַטאָווער לייבל פאַר דער עלטער, וואָלענע זאָקן פאַר די רומאַטישע פיס.

תּלמידים מיינע! יוגנט שפּאָרט נישט, יוגנט פאַרלעבט.

די איינציקע זיכערע קאַסע פאַר דער יוגנט איז די פרייד.

האָבן אַ באַנקבוך — הייסט זיין פּראַקטיש. און פּראַקטישקייט איז די ערשטע באַקראָטירטע פירמע פון דעם צוקונפטמענטש.

די שיינע נשמה — זי איז אומפּראַקטיש.

די שיינע נשמה — זי איז די ברייטע נשמה.

די ברייטע נשמה — זי איז אַן אָרעם מיידל אין איין קליידל.

די שפּאָרנדיקע נשמה — דאָס איז אַ מיאוסע רייכע מויד, וואָס זוכט שידוכים דורך צייטונגען...

און פּאָמפּאַדור האָט געבומען אַן „עקסטרע"־מלחמה־צייטונג אין זיין האַנט און ער האָט צו זיינע תּלמידים אַזוי געזאָגט:

שלום — דאָס איז אַ וועלטבאַנקראָט.

מלכים — דאָס זענען באַנקירן, וואָס שטעלן איין אין קאַמף די קעפּ פון זייערע דעפּאָזיטאָרן, די אונטערטאַנען.

סאָלדאַטן — דאָס זענען דיזעלבע נארישע דעפּאָזיטארן, וואָס פאַרלירן שטענדיק.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווייליע פאַרטראַכט און נאָכ־דעם האָט ער ווידער גערעדט:

תּלמידים! שפּאָרט נישט אַפילו קיין דורכלעבענישן. מאַכט נישט פון אייער נשמה קיין בוך מיט אַלטע חשבונות, מעגן זיי אַפילו זיין ליבע־חשבונות.

תּלמידים! שפּאָרט נישט קיין געלט ביסלעכווייז, וועט איר עס נישט פאַרלירן מיטאַמאָל.

די צוקונפט פון בייעם מענטשן געהער צום זאָרגלאָזן!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור. אין יענער צייט האָט ער געזען די טויזנטער מענער און פרויען, וועלכע זענען געשטאַנען ביי די צוגעשלאָסענע בענק און באַקלאָגט זייערע אָפּגעשפּאָרטע סענטן.

###### וועגן וואַרטן און האָפן.

היינט, תּלמידים מיינע, וויל איך מיט אייך רעדן וועגן וואַרטן און האָפן.

איך ווייס, איר האַלט זייער פון דידאָזיקע זאַכן, איז הערט, וואָס פּאָמפּאַדור וועט אייך זאָגן:

וואַרטן — הייסט ווערן אַ שקלאַף צו דער צייט.

און גליקלעך זענען די, וואָס הענגען נישט אָן זייער גליק אויף די ווייזערס פון זייגער...

וואַרטן—דאָס איז די כּלי-זין פון דער האָפענונג, און האָפענונג-דאָס איז די אינקוויזיציע פון דער נשמה....

וואַרטן — איז אַפילו שלעכט אויף אַ געליבטער, און נאָך ערגער איז, ווען זי ווייסט, אַז איר וואַרט אויף איר: זי וועט דעמאָלט זיכער נישט קומען, כּדי אייך צו פאַרשאַפן דאָס פאַרגעניגן פון וואַרטן...

וואַרטן — דאָס איז דאָס געווער פון אַ פרוי, וואָס וויל אייך באַקעמפן.

און אַ פרוי איז דער שטענדיקער שונא פון אייער רויקייט.

תּלמידים וואַרט נישט און האָפט נישט!

קומט איר אויף אַ יידישן קאָנצערט מיט אַ פּראָגראַם פון דער-וואַרטונגען, וועט איר אַוועק אַנטטוישטע.

גייט איר אין אַ יידישן טעאַטער מיט דערוואַרטונגען, וועט איר נאָך מער אַנטטוישט ווערן.

עפנט איר אַ יידישע צייטונג און דערוואַרט דאָרט עפּעס צו געפינען, זענט איר אַ שטימען-פון-פּאַקק-שרייבער.

דערוואַרט איר אַ טובה, א גמילת-חסד פון אַ חבר, וועט איר עס געוויס נישט קריגן...

דערוואַרטונג — איז די מוטער פון ערגערניש און יאוש.

נישט וואַרטן — הייסט זיין דערפאַרן, שטאָלץ אויף זיך אַליין, הייסט גלויבן אין זיך אַליין...

האָפן — דאָס איז דאָס מפיל-קינד פון אָפּטימיזם, — און אָפּ-טימיזם איז היינט בקויז אַ תּושב פון ווערטערביכער.

וואַרטן — דאָס איז אַ שוועסטער פון אָרעמקייט און אייזל-גע-דולד, — און צו וואָס זיין אַן אייזל?

לעבן באַטייט שפּרינגען, לויפן, זיין לייכטזיניק, קיינעם נישט טרויען, אויף גאָרנישט וואַרטן, טאַנצן דאָ מיט איינעם, דאָ מיט אַ צווייטן, ווי אַ פאַרשייט מיידל אין טאַנצקלאַס...

לעבן איז — אַ נאַכט אין אַ האָטעל, אַ כאַפּ פון אַ בופעט, אַ שפּרונג אויף אַ פרעמדן באַל, אַ גלי פון אַ גלי-וואָרעם אין גראָז, אַ שאָקל פון אַ היטל ביים גריסן זיך, אַ ברען פון אַ שוועבעלע, אַ ציטער פון אַ פאַרהאַנג. לעבן הייסט נעמען גלייך, אָן דערוואַר-טונגען פון דער צוקונפט...

גלויבן אין דער צוקונפט — דאָס איז פּרנסה פאַר וואָרזאָגער און קאָרטנלייגער.

שיין אין לעבן איז נאָר דער סיורפריז, דאָס פּלוצלונג געקומענע.

צום ליבסטן איז אַ קוש, ווען דו כאַפּסט אים אומגעריכט, ער־גענץ אין אַ פּאַרק, פון אַ ווילד־פרעמדער מיידל...

וואַרטן אויף עמעצן איז נאָר גוט מיט אַ שלאָס אויף דער טיר.

אויב עס איז אייך שוין יאָ אַמאָל באַשערט צו וואַרטן אויף אַ פרוי, איז נאָר אין ראָג־גאַס לעבן אַ ווייַנקעלער. דאָרט וועט איר קענען פאַרטרינקען אייער אנטטוישונג, אויב זי וועט נישט קומען...

האָפענונג — דאָס איז אַ זעלבסטנאַרעריי. דאָס איז קאָרטנגעלט, וואָס איר דאַרפט ערשט געווינען... דאָס איז אַ שפּיל אין באַהעל־טעניש מיטן בלינדן צופאַל...

תלמידים, האַלט נישט קיין וואָרט, מאַכט נישט קיין ראַנדעוואוס, אַפילו נישט מיט קיין אשת־איש, באַשטימט נישט קיין צייט מיט קיינעם נישט און איר וועט זיין גליקלעכער...

תלמידים מיינע, וואַרט נישט!

וואַרטן — דאָס איז דער משיח פון די נאַראָנים.

איך וויל נישט וואַרטן, איך וויל שוין! — דאָס איז דער יובל־געשריי פונם נייעם מענטשן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן פריינט און פיינט.

און איינמאָל איז געקומען צו רייד וועגן פריינט און פיינט, און פּאָמפּאַדור האָט אַזוי געזאָגט:

תלמידים! פּאָמפּאַדור האָט ליב זיינע פיינט און האָט נישט ליב זיינע פריינט.

אַ פיינט רעדט אויף אייך פון אויסווייניק, טראַכט אויף אייך אויס בלבולים און נישט אַלע גלויבן אים.

אַ פריינט רעדט פון אינעווייניק, מיט אויטאָריטעט. ער איז באַקאַנט מיט אַלע סודות פון אייער שלאָפצימער, און אַלע גלויבן אים, ווייל מען ווייס דאָך, אַז ער איז אייערער אַ פריינט.

אַ פריינט רעדט אויף אייך אומעטום, צום שלעכטן, אָבער ער מאַכט אייך אַ נאָמען...

אַ פריינט פאַרשווייגט אייך מערסטנס, ווייל אַלע ווייסן דאָך, אַז ער איז אייערער אַ פריינט, און וואָס האָט ער וועגן אייך צו רעדן?...

פּאָמפּאַדור האַלט נישט פון פריינט.

אַ פריינט מוז מען שטענדיק גלעטן, אַנישט פאַרלירט איר זיין פריינטשאַפט.

אַ פריינט מוז מען אייביק ליבן, צי ס'איז דאָ פאַרוואָס, אָדער נישט, — ווען נישט, פאַרלירט איר זיין פריינטשאַפט.

אַ פריינט טאָר מען קיינמאָל נישט זאָגן דעם אמת: ער ווערט תיכּף ברוגז. און איז נאָך אייער פריינט דערצו אַ באַרימטער מענטש, מוזט איר אים חנפענען פיר און צוואַנציק שעה אַ טאָג, אַנישט ווערט ער אייך אַ דם שונא.

פריינט זענען מערסטנס פּחדנים, וואָס ווילן אויסנוצן אייער שטאַרקייט פאַר זיך, ווילן זיך באַהאַלטן הינטער אייער רוקן, כּדי די קויל פון אַ שונא זאָל אייך פריער טרעפן ווי זיי...

האָבן פריינט — הייסט האָבן אַ גרויסע הוצאה. אַ פריינט האָט חתונה, דאַרפט איר געבן דרשה-געשאַנק; ווערט ביי אים געבוירן אַ קינד, דאַרפט איר טראָגן אַ מתּנה; פייערט ער אַ געבורטסטאָג, אַ יובּילײ, אַ גאָלדענע חתונה, גיט ער אויס קינדער — באַטייט דאָס אַלץ מתּנות און מתּנות.

האָבן פריינט — הייסט אויך האָבן מענטשן, וועלכע איר מוזט לייען גמילות-חסדים אויף נישט צוריק צו קריגן.

וואָס הייסט פ ר י י נ ט ש אַ פ ט? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און פּאָמפּאַדור ענטפערט:

פריינטשאַפט הייסט פאַרניכטונג פון זיך זעלבסט, פאַרקלענערונג פון די אייגענע כּוחות, הייסט פאַרלאָזן זיך אויף אַ צווייטן, — און צו וואָס?

וואָס הייסט פ יי נ ט ש אַ פ ט? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און פּאָמפּאַדור ענטפערט:

פיינטשאַפט הייסט פאַרשטאַרקן זיך אַליין, זיין שטענדיק קאַמפּס-לוסטיק און מוטיק, פילן שטענדיק די אייגענע קראַפט.

און פּאָמפּאַדור איז אַנטשוויגן געוואָרן, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווייטער גערעדט:

פיינט — דאָס איז דער טערמאָמעטער פון אייער שטאַרקייט.

פריינט — דאָס איז די מעסטשנור פון אייער שוואַכקייט.

פּאַמפּאַדור זאָגט: זאָג מיר, מענטש, וויפל פיינט דו האָסט, און איך וועל דיר זאָגן, וויפל מאַכט דו באַזיצסט. און דאָסזעלבע זאָג מיר, וויפל פ ר יי נ ט דו האָסט, און איך וועל דיר זאָגן, ווי ווייט שוואַך דו ביזט...

תלמידים, אַנטלויפט פון פריינט!

האָבן איין פריינט איז נישט פראַקטיש, האָבן אַ סך איז געפערלעך.

אַנטלויפט פון אַ הויזפריינט: ער ווייס, ווי איר לעבט מיט אייער פרוי, און ער וועט עס אויספויקן פאַר דער גאַנצער וועלט.

אַנטלויפט פון אַ פריינט, וואָס שלאָפט מיט אייך אין איין בעט: ער ווייסט, פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל אייער אונטערהעמד איז געמאַכט, און ער וועט אייך באַרעדן...

און די תלמידים האָבן געפרעגט פּאַמפּאַדורן: און וואָס איז מיט פרויען-פריינטשאַפט?

און פּאַמפּאַדור האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

די ערגסטע פריינטשאַפט אין דער וועלט איז די פרויען-פריינטשאַפט, ווייל זי קאָסט צום טייערסטן.

אַ פרוי איז נאָר דאַן אייער פריינט, ווען איר פאַרלירט אין איר שויס אייער פרייהייט.

פרויען האָבן קיינמאָל נישט ליב א ו מ ז י ס ט.

פרויען-פריינטשאַפט הייסט פאַרשפּרייטן אַ חופּה איבער אייער קאָפּ, שיקן אייך אין פאַבריק און באַזאָרגן אייך מיט זאָרג.

האָבן פרויען פאַר פריינט איז אַ סימן, אַז איר זענט אַ נאַריש ייִנגל, איז אַ צייכן, אַז איר קענט פון פרויען גאַרנישט געניסן, אַז אין אייערע אָדערן רינט „מאַראַל", אַנשטאָט בלוט, און אַז סוף כּל סוף וועט איר מיט איינער פון זיי חתונה האָבן...

פאַרקערט, האָבן פרויען פיינט הייסט, אַז איר האָט געלעבט אַ טאָג, אויסגענוצט דעם מאָמענט און זיך דאַן אויסגעדרייט פון זייערע הענט און געבליבן אַ פרייער פויגל.

פּאַמפּאַדור גלויבט בכּלל נישט אין פרויען-פריינטשאַפט.

אַ פרוי שטייט בלויז אין פריינטלעכער פאַרבינדונג מיט דער

נאַטור, איז בקויז געטריי איר בליינדן אינסטינקט, וואָס באַפעלט איר:
„האָב קינדער!“

אין פרויען-פריינטשאַפט גרויבן נאָר די, וואָס זענען געבענטשט מיט אַ פרויען-כאַראַקטער.

פּאָמפּאַדור האַלט פון פרויען-פיינטשאַפט.

אַ פרוי איז אַ פיינט דעם מאַן, אַנישט וואָלט זי אים געלאָזט אַרומלויפן פריי און זיך בחורן ביז דעם לעצטן האָר אויפן קאָפּ.

אַ פרוי איז אַ שונא דעם מאַן, אַנישט וואָלט זי אים נישט געצוואונגען צו דינען די געהיימע צוועקן פון דער נאַטור און צו פאָלגן אירע בלינדע געזעצן.

אויב מען וויל שוין יאָ האַלטן פון פרויען-פריינטשאַפט, איז נאָר פון דער, וואָס גרענעצט זיך מיט איינבייען אַ קנעפל און דער-לאַנגען אַ ריין נאָזטיכל.

און פּאָמפּאַדור האָט געוואָלט גיין זיין וועג, נאָר די תּלמידים האָבן אים געבעטן, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן.

און ער האָט געזאָגט:

תּלמידים, ווילט איר וויסן, ווער עס זענען פּאָמפּאַדורס פריינט?

פּאָמפּאַדורס פריינט איז יעדער איינער, וואָס איז פאַרבייגע-גאַנגען און נישט באַגריסט...

פּאָמפּאַדורס פריינט איז יעדעס מיידל, וואָס איז געזעסן אויף זיינע קני און האָט געהאַט געניג טאַקט זיי צו לאָזן פריי פאַר אַ צווייטער...

פּאָמפּאַדורס פריינט זענען די פרעמדע, די גאַנץ ווייטע מענטשן, וואָס ער האָט זיי געזען דורך די פענסטער פון שנעל-לויפנדיקע באַנען.

פּאָמפּאַדורס אמתע פריינט זענען די שטילע העלדן פון לאַנג-פאַרגעסענע ראָמאַנען.

פּאָמפּאַדורס אמתע פריינט זענען די פרעמדע קינדער, וואָס שמייכלען אין אַ שיינעם פרילינגטאָג צו פּאָמפּאַדורן, נישט וויסנדיק, ווער ער איז.

תּלמידים! פּאָמפּאַדור מאַכט זיך אַ האַלבן טוץ שונאים אַ וואָך, און ער איז צופרידן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

תּלמידים, שרײַבט נישט!

צו װאָס שרײַבן? — פֿרעגט פּאָמפּאַדור.

דאָס געשריבענע װאָרט דאַרף געבוירן װערן, װי אַ בליץ און טרעפֿן, װי אַ דונער.

אָבער בײַ אײַך איז עס אַ צעקײַט שטיק אײערבײגל און אַ זופּ לעבלעכע טײ.

דאָס געשריבענע װאָרט דאַרף זײַן, װי אַ מעסער אין אַ װאונד.

אָבער בײַ אײַך איז עס, װי אַ גאָפּל אין אַ טײגעכץ.

תּלמידים! שרײַבן — דאַרף הײסן פֿאַרגיסן בלוט: אײגנס און דעם לעזערס.

קענט איר פֿאַרגיסן דאָס בלוט פֿון לעזער — שרײַבט! װען נישט, פֿאַרקױפֿט רוסישן קװאַס.

אַ שרײַבער דאַרף זײַן אַ נביא פֿון שנאה, אַנישט זאָל ער בעסער ניאַנטשען קינדער.

די שרײַבער-אָרענע דאַרף זײַן, װי אַן עשאַפֿאָט: קעפּ דאַרפֿן דאָרטן פֿאַלן, און די פֿעדער דאַרף זײַן די גילאָטינע.

דאָס געשריבענע װאָרט דאַרף פֿאַלן, װי פֿײַערדיקע לאַװע פֿון אַ גיהנומדיקן װאולקאַן, פֿאַר װעלכן מענטשן שרעקן זיך, לױפֿן און ראַטעװען זיך מיטן לעבן.

אָבער אײַער װאָרט איז סאָדעװאַסער, װעלכעס גיסט זיך פֿאַר אַ סענט און װעלכעס יעדער קען טרינקען...

אַך, װי איך האַס אײַך, איר סתם-שרײַבער און גלאַט-שמירער!

אַ געדאַנק דאַרף אָנשפּאַרן אין דער אײביקײט, דערפֿאַר דאַרף מען דענקען אַן אײביקײט און שרײַבן אַ מינוט.

אָבער איר דענקט קײנמאָל נישט און שרײַבט אײביק.

טינט װערט פֿאַרװאַנדלט אין בלאָטע, װען עס שטײט לאַנג אָפּגעדעקט אין טינטער.

און די נשמה פֿון אַ שרײַבער װערט פֿאַרװאַנדלט אין אַ שפּײַקעסטל, װען זי שטײט טאָג-טעגלעך אָפּגעדעקט פֿאַרן לעזער.

אױ, װי איך האַס אויך די סתם-לעזער און די שטענדיקע װאָרט-שלינגער!

תלמידים! נאָר צוויי מענטשן מעגן שרייבן: דער, וואָס האָט פיל איבערגעלעבט, און דער, וואָס האָט זיך איבערגעלעבט.

נאָר איין מענטש מעג לעזן: דער, וואָס לעזט די בלעטער פון זיין אייגענער נשמה יעדן טאָג.

גלאַט שרייבן, ווי גלאַט לעזן, איז אַ פאַרברעכן.

טראַכט אַ סך און שרייב ווייניק! — דאָס איז פּאָמפּאַדורס עצה צום שרייבער.

לעז ווייניק און טראַכט אַ סך! — דאָס איז פּאָמפּאַדורס באַפעל צום לעזער.

שרייבער! נעמט די פעדער אין האַנט נאָר דאַן, ווען איר קענט שוין מער נישט פאַרטראָגן די רייכקייט פון אייער נשמה.

אָבער צו וואָס שרייבן פון אָרעמקייט?

לעזער! נעמט נאָר דאַן אַ בוך אין האַנט, ווען איר קענט שוין אַליין נישט דענקען, אָבער צו וואָס לעזן פון לאַנגווייליקייט?

וואָס איז גאָטס וואָרט? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

גאָטס וואָרט — ענטפערט פּאָמפּאַדור, — איז דאָס נישט-באַצאָלטע, דאָס אומזיסט-געשענקטע.

פּאָמפּאַדור קען נישט פאַרטראָגן קיין נביאים, וואָס מאַכן אַ לעבן.

שרייבן פאַר געלט — איז דאָסזעלבע, ווי אַרויספירן יעדן טאָג אייער געליבטע אויפן מאַרק.

שרייבן פאַר געלט — איז דאָסזעלבע, ווי פאַרקויפן פונטן בלוט.

שענקט אייער בלוט, ווען איר האָט עס צופיל, אויב פאַר אייך איז וויכטיק צו ראַטעווען עמעצנס לעבן, נעמט אָבער דערפאַר קיין געלט נישט.

תלמידים! שרייבט אויך נישט אין שטאָט פאַר די שטאָטישע לעזער.

אַ שטאָטישער לעזער וויל, אַז דער שרייבער זאָל אים פרייִלעך מאַכן, און אַ לעזער דאַרף מען גאָר פייניקן.

גאָט מיינער! ווי מיאוס מיר איז דאָס שרייבן אין שטאָט.

פּאָמפּאַדור וויל שרייבן ערגעץ זיצנדיק אויף אַ שטיין.

פּאָמפּאַדור וויל שרייבן צופוסנס פון אַ גיגאַנטישן באַרג.

נאָר מאָלע וואָס פּאָמפּאַדור וויל!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור. אין יענער צייט איז ער געווען פאַראורטיילט צו שרייבן יעדן טאָג.

תלמידים, איך וויל מיט אייך רעדן פון איינס, און רעדן אַ סך.

שוין בעסער זיין אַ גול, ווי אַן איינס, סיידן דער איינס איז איין מיליאָן...

איינס איז דער פאָטער פון „מיין", דער מיקראָב פון פּריוואַט-אייגנטום, דער פאַנצער פון מיאוסן עגאָאיזם...

מיין הויז — הייסט זיין א הויזבאַזיצער; מיין פאַבריק — הייסט זיין אַן עקספּלואַטאַטאָר. מיין פאָלק הייסט ווערן אַ שאָוויניסט; מיין ווייב — הייסט נישט אנערקענען קיין קוואַרטיראַנטן.

די, וואָס האָבן פיל צום אויסוואַל, האָבן מער צו פאַרלירן, און דערפאַר זענען זיי אויך די גליקלעכסטע.

ליבט נישט איין פרוי, נאָר ליבט אַ סך פרויען און איר וועט האָבן די ליבע פון יעדער איינער: אַזוי רופט די דערפאַרונג.

אָפּשטעלן זיך ביי איין פרוי — הייסט לייגן די ליבע אויפן טהרה-ברעט.

איין מאָל ליבן — הייסט אייביק ליבן, — און אייביקע ליבע האָבן אויסגעטראַכט מיאוסע מיידלעך און שלים-מזלדיקע בחורים.

ווייל מיר האָבן היינט אַן איין-פרוי-סיסטעם, דערפאַר האָבן מיר אַזויפיל אַנטלאָפענע מענער.

ליבן איין פרוי — הייסט אויסדערוויילן זי פון אַ סך, און אַלץ, וואָס איז אויסדערווײלט, טויג נישט.

יידיש פאָלק, זאָג, ביזטו נישט אויסדערוויילט?

די געצנדינער זענען געווען פיל גליקלעכער ווי די איין-גאָט-דינער: האָט זיי איין גאָט אָפּגענאַרט, האָבן זיי געבעטן צו אַ צווייטן.

גלויבט נישט אין איין גאָט!

גלויבן אין איין גאָט — הייסט שרייען, אַז נאָר מיין גאָט איז דער ריכטיקער, הייסט בויען אַ מזבח פאַר דעם גרעסטן פון אַלע געטער: דעם גאָט פון פאַנאַטיזם.

געבענטשט זאָל זיין דער דינער צו אַלץ, דער פאַרהייליקער פון אַ סך, דער פילווייבערניק, ער איז דער שאַפער פון כלבוניק, — און דער כלבוניק איז די פּעזקסטע חיה פון מענטשן-מין.

וואַרפט זיך אַהין און אַהער, זייט אַ פילזייטיקער, ווי די

וועלט אונזערע, וועלכע האָט פיר זייטן: מזרח, מערב, דרום און צפון...

מיט מזרח אַליין קען די וועלט נישט אויסקומען, כאָטש פון דאָרטן שיינט שטענדיק די זון אַרויס...

אייגס איז סכנה!

אַ היינטיקער קעניג קען אַמאָל בלייבן אָן אַ שטולפּאָרטרעטער, ווייל ער האָט בלויז איין געזעצלעכע פרוי.

מיט שלמה המלך האָט דאָס נישט געקענט פּאַסירן...

זיין אָן איינצלנער אין דער געזעלשאַפט הייסט גיין קעגן דער געזעלשאַפט, דאָס הייסט, ווערן אַ זעלבסטמערדער.

אַליין גיין מוז מען נאָר דאַן, ווען דער וועג איז אַ שמאָל ברעטל איבער אַ טיפער בלאָטע.

אָבער דאָס לעבן איז צו ברייט פאַר דעם אַליינגייער.

גייט נישט אַליין, פאַרמישט זיך אין דער מאַסע און מ׳וועט נישט אַרויסזען אייערע פעלערן.

עס מאַכט נישט, אויב איר קענט קיין איין זאַך נישט, אַבי איר קענט אַלץ.

ווילט איר מאַכן אַ לעבן, מוזט איר אַלץ קענען.

מוזט איר קענען פייפן, זינגען, טאַנצן, שרייבן, מעקן, שמעקן, לעקן און קריכן אויף די גלייכע ווענט.

אויב איר זייט אַ גוטער דיכטער, איז ווייניק, איר מוזט נאָך דערצו זיין אַ דעקלאַמאַטאָר, אַ פּאַיאַץ.

אויב איר זייט אַ קינסטלער, איז ווייניק, איר מוזט נאָך דערצו זיין אַ גוטער געשעפטמאַן.

תּלמידים, איין זאַך קען זיך קיינמאָל נישט באַצאָלן!

אַרבעט פאַר אַ סך: אַ סך אינסטיטוציעס, אַ סך צייטונגען, אַ סך אידעאַלן...

איין צאָן אין מויל איז אַ קללה, איין האַרץ איז אָן אומגליק; פּראַקטישע מענטשן מאַכן פון זייער האַרץ אַ סך הערצלעך, און זיי פילן ווייניקער.

דאָס איינציקע, וואָס גאָט האָט גוט געטאָן מיטן איינס, איז דאָס, וואָס ער האָט געגעבן איין מויל דעם מענטשן; שטעלט זיך נאָר פאָר, וואָס פון אונז, מענער, וואָלט געוואָרן, ווען די ווייבער האָבן צו צוויי מיילער...

איינס — הייסט האָבן איין פּנים, און מיט איין פּנים מוז מען זיך שעמען, און דערום איז גלייכער צו זיין אַ פילפּנימדיקער...
זייט אַלץ פאַר אַלעמען און גאָרנישט פאַר קיינעם!
דאָס איז דער וואונטש פון דעם צוקונפטמענטש.
אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן שווימען און באָדן זיך.

תּלמידים מיינע, האָט איר זיך שוין געבאָדן? זעצט זיך דאָ אויס אַרום מיין קאַוועטישל, און זאָל זיך אייך דאַכטן, אַז עס איז אַ ים-ברעג פון קוני-איילאַנד און איך וועל מיט אייך רעדן וועגן שווימען און באָדן זיך.

תּלמידים, ווילט איר זיין גליקלעך אין לעבן, פאַרלאָזט נישט דעם ברעג.

נישט פאַרלאָזן דעם ברעג הייסט ליגן אין ווייכן זאַמד און שמייכלען צו די כוואַליעס, הייסט זיין אַ קינד און זיך שפּילן מיט זאַמד, בויען געביידן פון זאַמד.

און גלויבט פּאַמפּאַדורן, אַז די קינדערשע זאַמד-הייזער זענען זיכערער, ווי די שטאַרקסטע שיפן אויפן ים.

תּלמידים מיינע, אַנטלויפט פון ים!

ים — דאָס איז דער נישט געמאָסטענער אָפּגרונט, דאָס לאַכן אין פּנים דער זיכערקייט, דאָס שפּיל פון לעבן און טויט...

ים — דאָס איז דאָס ווילדע צאַפּלען זיך פון דער טיפער נשמה, דער וויי פון דער שיינקייט-זוכנדיקן גייסט, וואָס קען נישט געפינען קיין רו אין די ברייטסטע ברייטקייטן.

תּלמידים! מאַכט נישט פון אייער לעבן קיין ים.

דאָס לעבן איז פאַר אייניקע אַ רויִק טייכל; פאַר ווייניקע אַ וואַרעמע וואַנע; פאַר פיל אַ געמויזעכץ; אָבער נאָר פאַר געציילטע אַ ים.

און אַ שטים פון אַ געטרייער באַלעבאָסטע רופט צו אייך:

קינדער! ווילט איר זיין צעפרידן, מאַכט פון אייער לעבן אַ וואַרעמע וואַנע און נישט מער!

אַנטלויפט פון ים!

ס'איז פיל זיכערער זיך צו וויגן אין אַ וויגשטול, איידער אויף די כוואַליעס פון ברייטע וואַסערן.

נאָר טאָמער איז אייך באַשערט זיך צו באָדן אין ים, פאָלגט פאָמפּאַדורן און האַלט זיך ביים ברעג, לאָזט אייער פוס אָנטאַפּן דעם גרונט.

האַלטן זיך ביים ברעג — דאָס איז די זיכערקייט פאַר אייער הויט. דאָס הייסט—זיין באַלעבאָס, האָבן אַ זיכערע היים, אַ געגרייטן טיש און אַן אויסגעבעטע בעט.

אָבער אויף קיין פאַל, תּלמידים מיינע, שווימט נישט!

שווימען — דאָס איז סכּנה, גיין קעגן שטראָם, האָבן אַן אייגענע מיינונג.

שווימען — דאָס הייסט קומען אין קאַמף מיטן ווינט.

און קעמפן מיטן ווינט — דאָס איז היצקעפּיקייט, אידעאַליזם און הונגער.

תּלמידים, שווימט נישט אַפילו פאַר אַ באַלוינונג.

דער עולם פון ברעג באַוואונדערט טאַקע די כוואַליעס-באַקעמפער, די קלאַפּטער-לייגער, די אַקטיאָרן פון וואַסער...

דער עולם פון ברעג האָט ליב אַ ספּעקטאַקל פון פרעמדער סכּנה; דער עולם פון ברעג האָט ליב די נאַראָנים, וואָס שטעלן איין דאָס לעבן און ווערן דערטרונקען.

אָבער עס לוינט זיך נישט...

און פאָמפּאַדור האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך פאַרטראַכט און ווידער געזאָגט:

תּלמידים, אויב אייך איז שוין באַשערט צו זיין פון די שווימער, איז שווימט נאָר אויבערפלעכלעך.

אויף קיין פאַל לאָזט זיך נישט אַרונטער אונטערן וואַסער. פאַרטיפט זיך נישט אַפילו אין דעם ים פון אייערע אייגענע ליידן. פלאַכקייט באַצאָלט זיך!

טיפע זאַכן האָט קיינער נישט ליב, אַ חוץ אַ טיפער קעשענע.

זאָל לעבן די אויבערפלאַך! — רופט די פּראַקטישקייט.

שווימט נאָר פון אויבן אויף, לייכט, לייכט; רירט און רירט
נישט אָן דאָס וואַסער, און איר וועט האָבן דערפאָלג.
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור, און איז אַוועק נעמען אַ וואַנע.

א לויבגעזאַנג צום ווינט.

תּלמידים! פּאָמפּאַדור האָט ליב דעם ווינט און פאַרגעטערט דעם שטורעמווינט.

דער ווינט, ער איז דער פרייסטער איינוואוינער פון דער ערד.
ער האָט נישט קיין פאָטערלאַנד און ווייסט נישט פון פּאַטריאָטיזם.
ער איז דער באמת גרעסטער אוניווערסאַל-בירגער.

דער ווינט — ער איז דער פרייסטער געדאַנק פון דער נאַטור, איר אומבאַשרענקטער ווילן, איר נישט רעדאַקטירט ווערק.

דער ווינט — דאָס איז די גרעסטע ליריק פון דער ברייטסטער נשמה...

דער ווינט, ער איז דער טאַטע פון קינדערשרעק, פון שדים, וואָס פייפן, פון נישט גוטע, וואָס דרייען זיך אינדערלופטן.

און שרעק מאַכט דאָס לעבן שיין, גיט אים צו קינדערשן חן.

און פּאָמפּאַדור האָט אַ ווײַלע געשוויגן און נאָכדעם ווייטער גערעדט:

ווינט — דאָס איז פּראָטעסט. דאָס איז דער טייטש: נידער מיט טראַדיציע, אַרונטער מיט אַלע צעפּוילטע דעכער!

פּאָמפּאַדור האָט פיינט די שטילע זעפיר-ווינטלעך, וואָס קרייזלען די פּיאות, די זיידענע ווינטלעך, וואָס גלעטן פעטע באַקן פון שמאַל-ציקע פרויען זומער אין די בערג.

שטילע ווינטעלעך זענען שמייכלער, און שמייכלעריי האָסט פּאָמפּאַדור, אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס זאָל נישט קומען, צי אין דער פאָרם פון אַ לעק-קריטיק, אַ חניפה-רעדע, צי אין דער פאָרם פון אַ שטיל ווינטל, וואָס גלעט.

פּאָמפּאַדור האָט פיינט אַ מענטשן, ווי אַ פאַרשלאָפענעם טייך, וואָס פילט נישט דעם ווינטס שטאַרקע האַנט אויף זיין פּנים.

דער אמתער טײַך איז ערשט דער, וואָס ווערט געכוואַליעט
פון ווינט.

אַ טײַך, וואָס איז רויִק, איז נישט טיף, קען אים אַ קינד
אַריבערגײן באָרוועס.

און טיפקײט איז לײדן, און לײדן זענען די ווינטן פון דער
נשמה.

פּאָמפּאַדור איז פאַרליבט אין די צאָרנדיקע שטורעמווינטן, וואָס
רײַסן אויס הונדערטיעריקע בײמער מיטן וואָרצל, ברעכן איבער
מאַסטבײמער, שנײַדן איבער די שטאַרקסטע שטריק און פײַפן אין
די אויערן פון די קינדער פון פרײַען ים — די מאַטראָזן.

פּאָמפּאַדור האָט ליב דעם ווינט, וואָס רײַסט די לאָדן פון
פענסטער. ווען פּאָמפּאַדור זיצט בײַ זיך אין צימער און רײַסט אַרונטער
די מאַסקעס פון פאַלשע געטער, דאַן פילט זיך פּאָמפּאַדור נישט
אײנזאַם: ער ווייסט, אַז הינטערן פענסטער דאָרט שטײט אַ חבר,
וואָס פײַפט מיט.

פּאָמפּאַדור האָט ליב דעם ווינט, וואָס קלאַפּט אין די שויבן
שפּעט בײַנאַכט, ווען פּאָמפּאַדור זיצט מיט זײַן געליבטער. דאָס מאַכט
זײַן געליבטע זיך פעסטער דריקן צו זײַן ברוסט.

און ווען אפילו דער שטורעמווינט צעקלאַגט זיך אַזוי שטאַרק
און וועקט אים אויף אינמיטן נאַכט, אַרט עס אויך נישט פּאָמפּאַדורן.
ער באַנעמט דעם ווינט, דעם וועקער אָן אַ ציל, דעם שלאָפ-
רויבער אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען...

און ווען דער צפון-ווינט פרירט יעדן גליד און קילט יעדן
אָטעם — אויך דאַן לאַכט פּאָמפּאַדור.

דער צפון-ווינט איז פאַר פּאָמפּאַדורן דער שטאַרקסטער סאַטי-
ריקער און קאַלטבלוטיקסטער וועלט-אויפטרײסלער, און סאַטירע האָט
פּאָמפּאַדור זײער ליב.

פּאָמפּאַדור האָט ליב דעם ווינט פאַר זײַן שטאָלצן גײן אויפן
וועג, וואָס ער האָט אויסגעקליבן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

און ס'איז געווען אין די ערשטע טעג פון פרילינג, און פּאַמפּאַ-דור האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ צו דער זון און האָט אַזוי געזאָגט:

תלמידים! אויב פּאַמפּאַדור האָט ליב דעם פרילינג, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אָן אַ דרך, ווי פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור טרוימט פון אַ וועלט אָן אַ ציל.

זיין אָן אַ ציל — דאָס הייסט פאַר פּאַמפּאַדורן — טרוימען אָן אַ שיעור, אָן אַ צוועק, אָן אַ גרענעץ און אָן אַ מאָס.

זיין אָן אַ ציל — דאָס הייסט פאַר פּאַמפּאַדורן — שאַפן אויף דער ערד אַן אייביקן פרילינג...

פּאַמפּאַדור האָט ליב דעם הימל אין פרילינג, ווייל ער הענגט גלאַט אַזוי זיך...

פּאַמפּאַדור האָט ליב די זון אין פרילינג, ווייל זי לייכט סתּם אַזוי זיך און אַרבעט נישט פאַר קיין סאָדעוואַסער-געשעפטן, ווי אין זומער.

פרילינג — דאָס איז דער נאַטורס נישט געדרוקט ליד, גאַנץ נישט פאַרקויפטע פּאָעמע, דער וואונק צו אייביקער אַרבעטלאָזיקייט און אייביקן פוילן זיך אויף דער וועלט.

פרילינג — דאָס איז דער פרייער קוש פון דער נאַטור אָן מחותנים, עדות און חתונה-ריגעלעך...

פרילינג — דאָס איז לעבן אין בלאָנדזשען און בלאָנדזשען אין טרוימען...

תלמידים! פרילינג—דאָס איז דער נאַטורס פרייע ליבע מיט הימל, ערד און מענטשן, בעת אָסיען איז דער סימבאָל פון הייראַט, פליכט און היים.

פּאַמפּאַדור איז מיט אַלע ציללאָזע און צוועקלאָזע.

צוועקלאָז — איז דאָס געזאַנג פון נאַכטיגאַל, דער גלאַנץ פון די שטערן, די בלויקייט פון הימל, דער דופט פון די בלומען, דאָס מורמלען פון זילבערקוואַל, דאָס שרייבן פון אַנפאַנגער.

צוועקלאָזיקייט — דאָס איז לערנען גלאַט אַזוי זיך, כּדי צו זוכן דעם אמת און אים נישט געפינען...

די שענסטע שעהן זענען די צוועקלאָזע, די נישט גערעכנטע, די נישט ג ע ז ײ ג ע ר ט ע.

פּאָמפּאַדור האָט פּיינט דעם ציל פון די צילבאַוואוסטע!
ציל — דאָס הייסט ווערן פעט און זיין צעפרידן מיט דער פעטקייט.
ציל — דאָס איז אַ צאַם אַרום לעבן: ווייטער גיין טאָרסטו נישט...
און אַ ציל — דאָס איז אַ שפּרונג איבערן צאַם, אַ קוליע זיך אײַנדערלופטן, נישט אַכטנדיק אויף די געפּרעסטע קליידער.
און אַ ציל — דאָס איז אַ וועג אַ ברייטער, אָן טראַמוויי-געלט און אָן קאָנדוקטאָרן, אַ וועג, וואָס פירט ווייטער פון אַלע ווייטקייטן.
ציל — דאָס איז אַ ראָמאַן מיט אַן ענדע. און דער בעסטער ראָמאַן איז דער נישט געענדיקטער, דער, וואָס איר קענט אַליין פאַרטיזען.
תּלמידים מײַנע, זייט ווי די נאַטור! זי, די נאַטור, איז ציללאָז אין איר שלעכטסקייט, ווי אין איר גוטסקייט.
אמתע נאַטירלעכע שיינקייט איז אָן אַ ציל, כאָטש זי טרעפט אין ציל.
שיינקייט מיט ציל איז די שיינקייט פון פודער-קעסטל און פאַרב-פלעשל...
קומט אַהער, איר צילבאַוואוסטע, איר שונאים פון פרילינג און צוועקלאָזיקייט, און איך וועל אייך פרעגן, צו וואָס לעבט איר און צו וואָס צילט איר, אויסער די צילן, וואָס איר האָט שוין אויסגעצילט!
פּאָמפּאַדורס ציל איז צילן ווייטער פון יעדן ציל...
אָ, איר צוועקלאָזע און ציללאָזע יאָרן מײַנע, לויפט אייך, ווי פרילינגווינטן אויף קאָרנפעלדער און ברענגט מיך אַלעמאָל צו נײַע פרילינגס און נײַע, זונען...
אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

און די תּלמידים זענען איינמאָל געקומען צום פּאָמפּאַדורן און אים געפונען פאַרוויגדיק זיין קינד.

און די תּלמידים האָבן אַלע אין איין קול אויסגערופן: זעט נאָר, זעט, פּאָמפּאַדור וויגט גאָר קינדער! פּאָמפּאַדור אין דער ראָלע פון אַ ניאַנקע! ווי קומט אַזאַ זאַך צו פּאָמפּאַדורן! ווי פּאַסט עס אים גאָר?

און פּאָמפּאַדור האָט אָפּגעמאָסטן זיינע תּלמידים מיט זיין שארפן בליק, האָט אַ שמייכל געטאָן, און נישט אויפהערנדיק וויגן, אַזוי געזאָגט:

תּלמידים! פּאָמפּאַדור האַלט זייער פון וויגן.

וויגן איז די העכסטע פילאָזאָפיע פון אַלע פילאָזאָפיעס.

אַלע פילאָזאָפיעס צעטומלען, רעגן אויף און שטעלן נישט צו־צעפרידן. אָבער די וויג־פילאָזאָפיע גיט רו און שלאָף, און שטעלט כאָטש צעפרידן אַ זויגקינד.

אויב אַלע לעבנפילאָזאָפיעס זענען שאָקלדיק און וואַקלדיק אין זייער גרונט, איז אַ וויגעלע שאָקלדיקער פון זיי.

די תּלמידים מיינען, אַז וויגן איז אַ קלייניקייט, אָבער פּאָמ־פּאַדור ווייס, אַז עס איז גאַנץ אָפט פיל לייכטער צו פאַרוויגן דעם אייגענעם געוויסן, ווי פאַרוויגן אַ קינד, וואָס שרייט זיך פאַנאַנדער אינמיטן דער נאַכט.

ס'איז אָפט פיל שווערער צו פאַרוויגן אַ קליין שרייערל, ווי אויפצואוועקן אַ גאַנץ הויז.

ס'איז בכלל שווער צו פאַרוויגן, ווי שווער צו באַרויִקן.

תלמידים! פּאַמפּאַדור האָט אַפילו מער פון וויגן און פאַרוויגן, ווי פון וועקן.

וויגן — דאָס הייסט טרייסטן און געבן רו (און נישט אַלע קענען עס!) אין דער צייט, ווען מיר אַלע קענען מאַכן אַ טומל און רויבן ביי יענעם די רו.

וויגן — דאָס הייסט געבן כאָטש באַרויִקונג פון איין געשריי ביזן צווייטן, און וואָס קענען מיר נאָך געבן אונזערע מיטמענטשן?

פאַרוויגן—דאָס איז שטילע שאַפונג, דערום ריינע קונסט.

וועקן איז אין בעסטן פאַל, פּראָפּאַגאַנדע, טענדענציעזע אַרבעט,— און דאָס איז ווייט פון קונסט.

פאַרוויגן — דאָס איז די לערע פון בודאַ, דאָס ברענגען צום שענסטן געמיט-צושטאַנד.

וועקן — דאָס הייסט אָנזאָגן וועגן אַ גניבה, אַ שריפה, א רציחה.

וועקן — דאָס קען יעדער גאַסנמענטש.

וועקן — דאָס קען אַפילו אַ פּראָסטער וועקזייגער, כדי אָבער צו פאַרוויגן, דאַרף מען האָבן אַ מענטשן.

און פּאַמפּאַדור האָט געשיקט זיין פאַרחלומטן בליק ערגעץ ווייט-ווייט, און האָט ווייטער גערעדט:

אָרעמע תלמידים מיינע! איר ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז צו פאַרוויגן אַ קינד.

און הלוואַי וואָלט פּאַמפּאַדור געקענט פאַרוויגן גאַנצע דורות. אַ שאָקל אַהער, אַ שאָקל אַהין, און די מענטשהייט זאָל זיך באַרויִקן. דאָס וואָלט געווען אָן אויפטו!

און מיינט נישט, אַז גרויסע און דערוואַקסענע דאַרף מען נישט וויגן.

פּאַמפּאַדור זאָגט: גרויסע דאַרף מען נאָכמער וויגן, ווי קליינע. אוי, ביטיקן זיי זיך גאַנץ אָפּט, די דערוואַקסענע חכמים, אין אַ וויגעלע און אין פאַרוויגער, נאָר זיי שעמען זיך און זיי בלייבן אומגליקלעך.

און פּאַמפּאַדור האָט אַריינגעקוקט אין דעם וויגעלע, וואו ס'איז געלעגן זיין פאַרוויגט קינד און ער האָט פאָרטגעזעצט:

פריינט מיינע! ווי שיין עס איז דאָס קינדערוויגעלע!

דאָס איז די איינציקע היים, וואָס אַ מענטש האָט איינגאַנצן פאַר זיך אַליין, אָן שותפים.

דאָס איז דאָס איינציקע ווערטל, וואָס מען פאַרלאָזט מיט פרייד און ליבע.

און שיין איז אויך דאָס וויגליד.

דאָס וויגליד, דאָס איז דאָס איינציקע אינטערנאַציאָנאַלע ליד, דאָס באמת פאַרשטענדלעכע פאַר אַלעמען.

איר האַלט זייער פון דער מאַרסיליעזע, איך נישט אַזוי. די מאַרסעליעזע וועקט צום קלאַסנקאַמף, צו פאַרביטערונג, — און דאָס וויגליד איז אַ הימן פאַר פרידן און רויִקייט.

די מאַרסעליעזע איז אַ ליד, וועלכעס ווערט פאַרטויבט פון דער קלאַפעריי פון מענטשנטריט און פערדנטריט.

דאָס וויגליד איז אַ שטיל היימליד, געזונגען אין דער שטילקייט פון שלאָפצימער.

מוטערס! איר דאַרפט זיין שטאָלץ, וואָס איר וויגט און פאַר־וויגט אייערע קינדער!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן שטיב און פאַמיליעלעבן.

און ס'איז געווען אַ יאָר נאָך פּאַמפּאַדורס החתונה, און די תלמידים האָבן געטראָפן פּאַמפּאַדורן, זיצנדיק אַן אומעטיקן ביי זיך אין הויז.

אין הויז איז געווען ריין און שיין. דאָס נייע טייערע מעבל האָט געשיינט, נאָר די פענסטער זענען געווען פאַרמאַכט און די שטאָרן אַרונטערגעלאָזט.

און די תלמידים האָבן זיך געווענדט צו פּאַמפּאַדורן, ער זאָל צו זיי רעדן וועגן פאַמיליעלעבן.

און פּאַמפּאַדור האָט געענטפערט: געוויס, נאָר פריער מוז איך עפעס באַזאָרגן.

און פּאַמפּאַדור האָט זיך געווענדט צו זיין יונגער פרוי און איר אַזוי געזאָגט: ליב ווייב מיינס! גיי אַרויס אויף אַ ווײַלע, לאָז מיך מיט מיינע תלמידים אַליין, ווייל איך וויל איצט רעדן וועגן פאַמי־

ליעלעבן, און די קליינע פרויען-אויערן קענען נאָך קיין פריי וואָרט וועגן פאַמיליעלעבן נישט אויסהערן, ווייל נאָך איז אַ פרוי נישט פריי געווען.

און ווען די פרוי האָט געפאָלגט פאַמפּאַדורן און האָט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל פאַרלאָזט דעם זאַל, האָט פאַמפּאַדור אַזוי געזאָגט:

תּלמידים! איר זייט אַוודאי מקנא פאַמפּאַדורן, וואָס אַלץ אַרום אים פינקלט און גלאַנצט, וואָס אַ דייטשישע ריינקייט רינגלט אים אַרום און קיין ברעקעלע שטויב איז נישט צו מערקען אויפן מעבל, אָבער פאַמפּאַדור איז זיך אַליין נישט מקנא.

ווען מען וואָלט אייער פאַמפּאַדורן איצט געגעבן די ברירה אויסצוקלויבן: דאָס ריינע פאַמיליעלעבן אָדער דעם בחורשן שטויב, וואָלט ער זיכער אויסגעקליבן דאָס לעצטע.

ווייל וואָס איז פאַמיליעלעבן? — פרעגט פאַמפּאַדור.

פאַמיליענלעבן איז אַ שטענדיק היטן זיך פון שטויב, וואָס קומט פון א ו י ס ו ו י י נ י ק, און אַן אייביקע תּפיסה פון א י נ ע ו ו י י נ י ק.

בעת בחורשאַפט הייסט אָפענע פענסטער, לופט און פרייהייט פון א י נ ע ו ו י י נ י ק ווי פון א ו י ס ו ו י י נ י ק.

און פאַמפּאַדור האַלט, אַז שוין בעסער שטויב מיט אָפענע פענסטער, איידער מוסטערהאַפטע ריינקייט מיט פאַרשטיקטע לונגען.

פאַמפּאַדור האַלט זייער פיל פון בחורשאַפט.

בחורשאַפט — הייסט לייג זיך, וואו דו ווילסט, און זעץ זיך, וואו דו ווילסט, יעדער פּאָזע איז אָנגעלייגט!

פאַמיליעלעבן — הייסט פאַרקויפן זיך פאַר אַ שקלאַף צו פיין-געשניצטע טישן און שטולן.

בחורשאַפט — הייסט לעבן פאַר זיך אין א י י ן צימער מיט איין פענסטער און איין טיר.

פאַמיליעלעבן — הייסט האָבן א סך צימערן — פאַר מעבל... אַ סך טירן און קיין פרייען אַרויסגאַנג.

בחורשאַפט — הייסט אַ טיש אַ פאַרלייגטער מיט ביכער, אַ באַדעקטער מיט שטויב, אַ טינטער פול מיט שפינוועבס, אַ שטול אָפט אַ צעבראָכענע, — אָבער אַ קאָפּ אַ ריינער.

פאַמיליעלעבן — הייסט אַ זויבערער טיש, אַ ווייכע שטול, — אָבער אַ קאָפּ אַ פאַרשטאַדעטער.

וואָס איז די נשמה פון פאַמיליעלעבן? — פרעגט פאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

די נשמה פון פאַמיליעלעבן איז אַ האַז, וואָס ציטערט אָפּ אַ לעבן לאַנג.

מען ציטערט, דאָס ווייב זאָל נישט אַנטלויפן מיט אַ ייִנגערן, אַ שענערן, אָפּט אַ מיאוסערן; מען ציטערט, מען זאָל נישט האָבן צופיל קינדער; מען ציטערט איבער די שוין-געהאַטע קינדער; מען ציטערט איבער דער הכנסה, מען ציטערט איבער דער הוצאה, און דער עיקר, מען האַלט אין איין ציטערן איבער דעם נייעם מעבל, קיין שטויב זאָל עס נישט אויפעסן.

וואָס איז אַ גוטע באַלעבאָסטע? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

אַ גוטע באַלעבאָסטע איז נישט די, וואָס היט דעם מאַן, נאָר וואָס היט דאָס מעבל.

וואָס איז אַ גוט ווייב? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

אַ גוט ווייב איז נישט די, וואָס היט דעם מאַנס נשמה זאָל נישט פאַרוועלקן, נאָר די, וואָס היט דאָס הויז פון בערג שטויב, וואָס פאַלן.

און פּאַמפּאַדור האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און נאָכדעם ווייטער גערעדט:

תּלמידים! איילט זיך נישט איינצושפּאַנען אין שפּאַן פון דעם פאַמיליעוואָגן! און אויב איר טוט עס שוין יאָ, וואוינט אין איין צימער און קויפט נישט קיין מעבל. און קויפט איר שוין יאָ מעבל, היט זיי נישט פון שטויב.

תּלמידים! האַלט אָפן די פענסטער פון אייערע צימערן, אויב איר ווילט האַלטן פון פאַמיליעלעבן!

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

און ווידער איז געקומען דער הערבסט, און ווידער זענען לענ־גער געוואָרן די נעכט. און פּאָמפּאַדור איז ווידער באַגייסטערט גע־וואָרן פאַר דער נאַכט, און ער האָט אַזוי גזאָגט:

תּלמידים! פון אַלע מיינע ליבסטע פון דער נאַכט ליב איך אַמשטאַרקסטן די נאַכט אַליין.

נאַכט — איז ליבע־פליסטער, רו און שטילע תּפילה.

טאָג — איז קנאה־שנאה, געפּילדער און קללות.

נאַכט — איז הכנסה.

טאָג — איז הוצאה.

די כּוחות, וואָס מיר קלויבן אָן דורך די נעכט, פאַרשווענדן מיר דורך די טעג, און צו וואָס פאַרשווענדן אומזיסט?

נאַכט — איז דער טייטש: חלום, ווי אַ קינד!

טאָג — הייסט באַטריג, ווי אַ גרויסער!

נאַכט איז די דערפינדערין פון דעם בעט, און דאָס בעט איז דאָס געבורט און ווידערגעבורט פון מענטשן.

נאַכט, צוגלייך מיט דער ליבע, וועלכער זי דינט צום געטרייסטן, איז די באַזיצערין פון צוויבער און סודות, — דערפאַר איז זי אַזוי טיף, ווי די ליבע.

גרויס איז דער כּוח פון דער נאַכט!

איבערנאַכט וואַקסט אַ מענטש אויס און ווערט רייף.

איבערן טאָג ווערט ער אָפט קלענער...

איבערנאַכט ווערט אַ מענטש אַפילו גרוי. איבערן טאָג ווערט ער בלויז פאַרשוואַרצט.

איבערנאַכט פאַרלירט אַ מענטש אַ גלויבן און געפינט אַ נייעם.

פריינט מיינע! באַזינגט מיט מיר צוזאַמען די נאַכט, ווייל אויב מיר זענען נאָך נישט קיין פּאַרקויפטע שומרים, געהערט די נאַכט צו אונז און דער טאָג איז נישט אונזערער.

אין דעם ליכט פון טאָג זענען מיר פאַרקויפטע צו שקלאַפן־טרייבער, זיצן מיר און אַרבעטן פאַר פרעמדע.

אָבער די נאַכט ברענגט אונז אַהיים, ווען אפילו די היים איז נישט מער ווי אַ פּלאַץ פאַר אַ צעבראָכן בעט.

טאָג — איז זון. און זון באַטייט: מענטש, שעם זיך! און שע-מען זיך איז דאָס ווייכסטע קישעלע פאַר מיאוסע מעשים.

נאַכט — הייסט אַראָפּוואַרפן פון זיך די בושה צוזאַמען מיט די קליידער. און נאָר ווען מיר זענען נאַקעט, הייבן מיר אָן באמת פאַר-שטיין דעם זין פון זינד און ליבע.

טאָג — איז אויך קנעכטשאַפט צו דער געזעלשאַפטלעכער מיוי-בונג, שקלאַפעריי צו דעם, וואָס יענער וועט זאָגן.

נאַכט — איז רעספּעקט פאַר זיך אַליין.

און פּאָמפּאַדור איז אַלץ מער און מער באַגייסטערט געוואָרן, און ער האָט אויסגערופן:

געבענטשט זאָלן זיין די קורצע ווינטערטעג, ווייל זיי ברענגען אונז שנעלער צו דער נאַכט!

תלמידים! ווי גוט עס איז אַרומצואוואַנדערן איבער די גאַסן ביינאַכט! ערשט ביינאַכט, ווען די פינסטערניש באַדעקט אַלץ, דער-זעט דער מענטש אַ גרויס ליכט פאַר די אויגן.

אין די לאַנגע נעכט, אין די שמאָלע גאַסן, — דאַן ערשט גע-פינט ער זיין „איך", וואָס ער האָט געהאַט פאַרלוירן בייטאָג.

ביינאַכט האָט אפילו די גרעסטע שטאָט אַ פּנים פון אַ דאָרף.

און אַ שטענדיק דאָרף פאַר דעם מענטשן, — דאָס איז דער מיזיניק-טרוים פון פּאָמפּאַדורן.

פּאָמפּאַדור האָט אפילו ליב די נאַכטוואַנדלער: זיי זענען אומ-שעדלעכער, ווי די טאָגהענדלער.

און פּאָמפּאַדורן אַרן אויך נישט די גניבות און רציחות, וואָס ווערן באַגאַנגען אין די פעך-שוואַרצע נעכט.

אַלץ קלענער זענען זיי פון די גניבות און רציחות, וואָס ווערן באַגאַנגען אונטער דעם ליכטיקן פּנים פון דער זון.

און פּאָמפּאַדור האָט דערזען די לבנה, וואָס גייט אויף אין הימל, און האָט געזאָגט:

תלמידים! צום ליבסטן זענען מיר די נעכט אָן שטערן און אָן לבנה.

שטערן — דאָס זענען נאַרישע אַמביציעז קינדער, וואָס רייסן זיך אַראָפּצוגליטשן פון די הימלען אויף דער ערד, און ווי קען מען זיי ליב האָבן, ווען זיי פאַרבייטן הימל אויף ערד?

לבנה—דאָס איז די נאַכקרימערין פון דער זון. זי וויל לייכטן, ווי יענע און קען נישט. און איך האָב פיינט נאַכקרימער.

דערפאַר זאָג איך: אַ נאַכט אָן שטערן און לבנה איז ערשט די אמתע נאַכט!

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פּאַרקוקט ערגעץ ווייט-ווייט און ער האָט געזאָגט:

גליק — דאָס איז אַ נאַכט-שאָטן.

דער אוצר — דאָס איז דער סוד פון דער נאַכט.

נאַכט! דו ביזט מיר ליב, ווייל אויף דיין נאָמען רופט זיך נישט קיין יידישע צייטונג.

נאַכט! לאָז זיך אַראָפּ אויף מיינע פּלייצעס! באַדעק מיין קאָפּ מיט דיין שוואַרצן טוך! שליס מיר מיינע אויגן און זאָל איך מיינען, אַז איך בין גליקלעך.

ווייל נאָר מיט צוגעמאַכטע אויגן זעען מיר דאָס אנגעזיכט פון גליק...

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

**וועגן מיידלעך, וואָס ווערן ווייבער און וועגן קינדער, וואָס וואַקסן.**

פּאָמפּאַדור האַלט ווינציק פון רחמנות, דאָך מאַכט ער אַן אויסנאַם פאַר צוויי זאַכן.

פּאָמפּאַדור האָט רחמנות אויף מיידלעך, וואָס ווערן ווייבער, און אויף קינדער, וואָס וואַקסן.

מיידל — איז טרוים און געזאַנג.

ווייב —, איזווירקלעכקייט און ליידן.

מיידל איז זעלבשטענדיקייט, כאָטש אויף דערווייל.

ווייב — איז די אמתע שקלאַפין פון מאַן און נאַטור.

אַן אידעאַל מיידל פון אַלע צייטן איז זעלבסטקאָנטראָל.

אַן אידעאַל ווייב פון הייַנט איז קינדערקאָנטראָל.

און ס'איז פיל שענער און עסטעטישער זיך זעלבסט צו קאָנטראָלירן, ווי צו קאָנטראָלירן די צוקונפטיקע דורות.

מיידל — איז די פרינצעסין פון ליבע.

ווייב — די דינסטמויד פון דער ווילדער קעניגין ליידנשאַפט.

זיין אַ מיידל — הייסט וויקלען זיך אין טרוימען.

זיין אַ ווייב — הייסט וויקלען קינדער.

מיידל — איז אַ פּאַלאַץ, וועלכן אַלע מענער שטרעבן צו באַזיצן.

ווייב — אַ צעשטערטער טעמפּל, וועלכן די מערסטע מענער ווילן פאַרלאָזן.

מיידל איז א גאָרטן פון בלומען און געזאַנג.

ווייב — איז אַ קיך פון טעפּלעך-געקלאַנג.

און אויך אַזוי האָט פּאָמפּאַדור רחמנות אויף קינדער, וואָס וואַקסן.

וואַקסן — דאָס הייסט דערנענטערן זיך צום אונטערגאַנג פון זון.

זיין אַ קינד — הייסט בלייבן ביי די ערשטע שטראַלן פון פרימאָרגן.

וואַקסן — הייסט זיין אומבאַהאָלפן, אַרויסגיין אין מאַרק פון לעבן און ווערן פאַרצווייפלט.

זיין אַ קינד — הייסט נישט אַרויסגיין פון די אייגענע וויקעלעך, בלייבן שטענדיק אָפּטימיסטיש.

דאָס געבורט פון אַ קינד איז דער טריומף פונם לעבן.

ווען עס הייבט אָן וואַקסן, הייבט אָן טריומפירן דער טויט.

תּלמידים, ווי שיין וואָלט געווען, ווען קינדער וואָלטן געבליבן ביי זייער קינדהייט אויף אייביק.

מענטשן, זאָגט איר, ווילן וואַקסן.

אָבער איך זאָג:

וואַקסן איז קאַריערע, און קאַריערע איז דערגרייכונג, און דער-גרייכונג — איז טויט. וואַקסן הייסט ווערן אויס קינד, און צו וואָס?

פּאָמפּאַדור האָט נישט ליב די דערוואַקסענע: וואַקסן הייסט גיין מיט שנעלע טריט צו פאַרניכטונג.

איר וועט זאָגן: נישט וואַקסן איז קעגן פּראָגרעס. אַלץ, וואָס לעבט, מוז וואַקסן, מוז גרעסער ווערן. אָבער פּאָמפּאַדור אַנערקענט נישט אַ פּראָגרעס, וואָס גייט צום טויט, אַ פּראָגרעס, וואָס אַרבעט אַזוי געטריי פאַרן מלאך המות.

פּאָמפּאַדור טראָגט אין האַרצן די גרעסטע שנאה צום טויט.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע און נאָכדעם ווידער גערעדט:

מאַמעס! אײַלט זיך נישט אַרויסצונעמען אײַערע קינדער פון די וויגעלעך!

אַ קינד אין וויג — איז דאָס שפּיל פון די דערוואַקסענע.

און אַ דערוואַקסענער איז דאָס שפּיל פון שיקזאַל.

מאַמעס! איר זענט בלינד, ווען איר ווילט, אַז אײַער קינד זאָל וואָס שנעלער וואַקסן און זיך שטעלן אויף זײַנע אײגענע פיסלעך!

פאַרוואָס פאַרשטייט איר נישט, אַז דאָס מענטשלעכע שטיין אויף די אײגענע פיס איז ערשט דער אָנהייב פון זײַן שוואַכקייט און הילפלאָזיקייט?

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

**אַ הימן צום ערב יום-טוב.**

תּלמידים! איר האָט אוודאי ליב דעם יום-טוב, פּאַמפּאַדור אָבער האָט ליב דעם ערב יום-טוב.

ערב יום-טוב — דאָס איז ע ר ש ט דער אמתער יום-טוב.

ערב יום-טוב — דאָס איז אַ טרוים, וואָס שוועבט אינדערלופטן, אַ הײליקייט, וואָס ציטערט אין האַרצן, אַ שטרעבן צו עפּעס גרויס.

יום-טוב — הייסט פאַרפּוצטע וואָכעדיקייט; אַ טרוים, וואָס איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט, אַ גליק, וואָס מען ציילט זײַנע גסיסה-מינוטן.

ערב יום-טוב — דאָס איז חתן-כּלה-פּעריאָד, דאָס איז קושן נאָך נישט פאַרגעזעצלעכטע, געזאַנגען נאָך נישט אויסגעזונגענע.

יום-טוב — דאָס באַטייט: א יאָר נאָך דער חתונה, אַ נוס אַ צע-קנאַקטער, וויין אויסגעטרונקענער, אַ טישטוך אַ פאַרפלעקטע.

ערב יום-טוב — דאָס באַטייט: מלבּושים ביים שנײַדער, פיש אין פאַן, אַ ליבע-בריוו נאָך נישט קיין געלעזענער.

יום-טוב — דאָס הייסט דער געגעניץ נאָכן שלאָף, דער שלוקערץ נאָכן זאַטן מאָלצײַט.

ערב יום-טוב — איז דער טייטש: האָפענונג, שפּאַנונג, דער-וואַרטונג.

יום-טוב — הייסט שוין געקומען, געזען און עס איז גאָרנישט...

ערב יום-טוב — באַטייט דאָס רוישן פון אַ זיידן קלייד פון אייער אָנקומענדיקער געליבטער.

ערב יום-טוב איז אַ נסיעה ערגעץ אין אַ ווייט לאַנד. די באַן קלאַפּט און דאָס האַרץ מיט איר, עפּעס אומבאַקאַנט טראָגט זיך אַנטקעגן, עפּעס אומדערוואַרט וועט אייך באַגעגענען.

יום-טוב — איז דאָס לעבן פון דעם רייכן פּוסטהאַרציקן, און דערפאַר אַזוי אָרעם.

ערב יום-טוב — איז דאָס לעבן פונם אָרעמען טרוימער, — און דערפאַר אַזוי רייך.

פּאָמפּאַדור האָט ליב דעם ערב יום-טוב פון אַלץ: דעם ערב יום-טוב פון ליבע, דער ערב יום-טוב פון פרילינג, דעם ערב יום-טוב פון באַפרייונג.

אָ, ווען מענטשן וואָלטן געקענט אייביק אָנהאַלטן דעם ערב יום-טוב, וואָלט דאָך געווען מער גליק און מער פרייד אויף דער ערד.

תּלמידים! שטרעבט צום אייביקן ערב יום-טוב!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן היץ און קעלט.

תּלמידים מיינע, פּאָמפּאַדור איז קעגן היץ.

היץ — דאָס איז דער מלאך-המות פון פּראַקטישקייט, דער קברון פון דער לאָגיק, די לאָפּעטע ערד אויף אַלע נאַרישע אידעאַלן.

היץ — דאָס איז די מאַמע פון אַלע ליבע-דערקלערונגען.

פּאָמפּאַדור איז פאַר קעלט.

קעלט — דאָס איז ישוב הדעת, שניי-קלאָרקייט פון שכל און אייז פון דער נשמה.

תּלמידים מיינע, נאָר קעלט ברענגט צו אחדות, צו חברשאַפט, נאָר אַ גוט פרעסטל טרייבט דעם מענטשן צו טיילן זיין בעט מיט עמעצן, צו גרינדן אַ היים.

נאָר אויף מורא פאַר קעלט אויף דער עלטער האַלט זיך די הייראַט, בויט זיך דאָס פאַמיליעלעבן.

ווען ס׳וואָלט שטענדיק קאַלט געווען, וואָלט דער מענטש געווען אַ גוטער הויזבאַזיצער, אַ געטרייער מאַן און אַן איבערגעגעבענער פאָטער.

ווען ס׳וואָלט שטענדיק קאַלט געווען, וואָלט די וועלט אויסגע־קוקט, ווי איין גרויסע, פאַרברידערטע פאַמיליע, וועלכע זיצט און וואַרעמט זיך ביי אַ קאַמין.

נאָר אַ היץ האָט באַשאַפן די היץ־קעפּ, און נאָר די היץ־קעפּ ברענגען אַלע אומגליקן אויף דער וועלט.

נאָר אין די היצן איז געבוירן געוואָרן דער פעסימיזם, די איינ־זאַמקייט, דאָס וועלן אַנטלויפן פון שטאָט און פון געזעלשאַפט, דאָס ווישן זיך פאַר זיך.

תלמידים מיינע, אַרבעט פאַר מער קעלט אויף דער וועלט!

אין בעסטן פאַל איז פאַרפרוירן ווערן בעסער, ווי צעשמאָלצן ווערן.

ווייל אַ פאַרפראָרענער גייט איר, ווייניקסטנס, אַוועק קאַלט־בלוטיק אויף יענער וועלט.

פאָמפאַדור איז פאַר מאַכן אַ צפונפאָל פון גאַנצן ערדקוגל.

פאָמפאַדור איז פאַר אַ שטענדיקן צפונפאָל אויף דער ערד. ווייל אויפן צפונפאָל איז מער פינסטער, ווי ליכטיק, און נאָר פינסטערער־הייט קען מען ווייניקער אָנטאַפּן די חסרונות פון לעבן.

אַזוי האָט גערעדט פאָמפאַדור.

ועגן טאַלענט און נאַרישקייט.

פאַרוואָס זענען קלוגע דיכטער אָפט נאַרישע מענטשן? — פרעגט פאָמפאַדור.

מוז דען אַ טאַלענט נאַריש זיין?

און פאָמפאַדור ענטפערט:

טאַלענט מוז נאַריש זיין.

נאַרישקייט פאַר אַ טאַלענט — דאָס איז דער בעכער, וואָס האַלט אײַן דעם ווײַן, דאָס בלאַט, וואָס רינגלט אַרום די פרוכט, דאָס האָלץ, וואָס שפּאַרט אונטער דעם בוים.

טאַלענט מוז נאַריש זײַן.

נאַרישקייט פאַר טאַלענט איז אַ פּשוט קליידל אויף אַ יום־טוב־דיק יונגן מיידלקערפּער, עס גיט צו מער חן...

אַ דיכטער טאָר נישט זײַן קלוג, ווײַל קלוגשאַפט הייסט וואָך זײַן, און אַ דיכטער מוז שטענדיק חלומען, און די שענסטע חלומות זענען די נאַרישסטע.

קלוג זײַן פאַר אַ דיכטער — הייסט לעבן, ווי אַ חכם און שטאַרבן, ווי אַ נאַר.

זײַן אַ נאַר פאַר אַ דיכטער — הייסט לעבן, ווי אַ נאַר און שטאַרבן, ווי אַ חכם...

פאַר אַ דיכטער איז גענוג, אַז ער פאַרשטייט זיך אויף פרעמדע נאַרישקייטן.

פרײַנט! איך האָב ליב די נאַרישקייט אין קינסטלער־נשמות.
ווײַל באַנאַרישן זיך איז אַ גוטע זאַך.
ווײַל באַנאַרישן זיך הייסט זײַן אַ קינד.
ווײַל באַנאַרישן זיך הייסט גלויבן.
ווײַל באַנאַרישן זיך הייסט האָבן אומשולד.
תּלמידים מײַנע! זײַט נישט קיין חכמים.

תּלמידים מײַנע! פאַרהייליקט די קונסט אין איר נאַרישקייט, און באַנאַרישט זיך וואָס מערער, ווײַל קלוגע און דערפאַרענע שאַפן נישט...

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

וועגן פאַרטייען און קאַבינעט־מענטשן

און די תּלמידים האָבן זיך איינמאָל צערעדט מיט פּאָמפּאַדורן וועגן פאַרטייען און זיי האָבן אים געפרעגט, פאַרוואָס ער שליסט זיך נישט אָן אָן קיין פאַרטיי אין אַמעריקע.

און פּאַמפּאַדור האָט אָנגעקוקט זיינע תּלמידים מיט אַ שמייכל און ער האָט אַזוי געזאָגט:

תּלמידים! דאָסמאָל האָט איר רעכט.

אַ מענטש אין אַמעריקע מוז געהערן צו אַ פּאַרטיי, אויב ער וויל שפּילן אַ ראָליע.

די יידישע אַמעריקע איז אַ לאַנד פון פּאַרטייען און בית-עלמינס.

איר מוזט דאָ געהערן צו אַ פּאַרטיי, ווי באַזאָרגן זיך מיט קרקע.

געהערן צו אַ פּאַרטיי — הייסט מאַכן אַ לעבן, און באַזאָרגן זיך מיט קרקע — הייסט געפינען רו נאָכן טויט.

און דערהויפּט באַדאַרף געהערן צו אַ פּאַרטיי דער טאַלענטלאָזער און דער גייסטיק-קינדערלאָזער.

ווייל וואו איז די פּאַרטיי פאַרן טאַלענטפולן? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

די פּאַרטיי פאַרן טאַלענטפולן איז נישטאָ, ווי ס'איז נישטאָ די היים פאַרן פרייגייסט, ווי ס'איז נישטאָ דאָס פאטערלאַנד פאַרן מענטשן אָן בירגערפאַפּירן.

ס'איז דאָ אַ פּאַרטיי פאַרן טאַלענטלאָזן, ווי ס'איז דאָ אַ היים אומעטום פאַרן קאַריערעמאַכער, ווי ס'איז דאָ אומעטום אַ פּאָטער-לאַנד פאר דעם, וואָס בירגערט זיך שנעל איין...

וואָס איז אַ פּאַרטיי אין דער יידישער אַמעריקע? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

אַ פּאַרטיי איז די דאַרדאַנעלן פאַר טאַלענטלאָזיקייט, דער מע-צענאַט פון עם-הארצות, דער העלם פאַר פּוסט-קעפּיקייט, דאָס וואַ-רעמע אייוועלע פאַר אַלע דערפּאָלג-זוכער...

אַ פּאַרטיי — איז אַ לייטער פאַר דעם שנעלקריכער צו דער-לאַנגען וואָס שנעלער צו די אַקסלען פון פאָלק.

דאָס פאָלק פרעגט דאָ נישט, וואָס פאַר אַ רייכקייט באַזיצט דיין נשמה, נאָר אויף וואָס פאַר אַ „פּלאַטפאָרם" זיצסטו.

דאָס פאָלק קימערט זיך דאָ נישט, וואָס דו טראָגסט אין הארצן, נאָר וואָס דו טראָגסט אויפן לאַץ.

יעדער איינער מוז דאָ צו עפּעס געהערן. איר קענט זיך זיין

אַ גרויסער שריפטשטעלער, אַן אמתער טאַלענט, נאָר כּל־זמן איר זענט נישט געווען קיין פּאַרזיצער אויף אַ מיטינג, סעקרעטאַר פון אַ פאַרזאַמלונג, אַ לעקציע־האַלטער ביי אַ גראָשענעם בילדונגפאַריין, אָדער, לכל הפחות, אַ גאַסן־רעדנער, האָט איר נישט קיין ווערט און מען רעכנט זיך נישט מיט אייך.

אין דער יידישער אַמעריקע לעזט מען שרייבער נישט צוליב זייער גוטסקייט פון שרייבן, נאָר ווייל זיי זענען די קעפּ אָדער עקן פון געוויסע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך.

און מעג אַ לעזער דעם פּאַרטיישרייבער נישט קענען נעמען אין מויל, ווי אַ ביטערע פּיל, און מעג ער זיין אומפאַרשטענדלעך, ווי דער טויט, און מעג מען אים בכלל נישט לעזן, אָבער ער פאַר־נעמט דאָך דעם אָנגעזעצענסטן פּלאַץ אין אַ צייטונג.

אין דער יידישער אַמעריקע איז אַ מיטינג, אנשטאט שאַפונג, אַ פּאַרטיי־רעזאָלוציע, אנשטאט שטימונג.

אין דער יידישער אַמעריקע דאַרף מען נישט שיין שרייבן, נאָר פעסט שטיין אויף אַ פּלאַטפאָרם.

תּלמידים! איר קענט דאָ דורך איין וואָך שטיין אויף אַ פּלאַטפאָרם און האַלטן אַ נאַרישע רעדע און מער באַרימט ווערן, ווי פון אַ סך יאָרן שרייבן און דענקען אין דער שטילקייט פון קאַבינעט.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווילע און באַ־טראַכט די געזיכטער פון די תּלמידים, און נאָכדעם האָט ער ווייטער גערעדט:

פריינט מיינע, אַנטלויפט פון קאַבינעט! אַמעריקע האָט פיינט דעם קאַבינעט־מענטש. זי פאַרהייליקט דעם מיטינג־מענטש און דעם גאַסנמענטש.

אַמעריקע האָט זייער ווייניק אַכטונג פאַר הארץ, נשמה און שטילע טרוימען.

אַמעריקע האָט ליב דאָס שרייאיקע, דאָס גרילציקע און דאָס טומל־מאַכנדיקע.

און וואָס איז נאָכמער שרייענדיק, גרילצנדיק און טומל־מאַכנדיק, ווי אַ פּאַרטיי?

אַמעריקע — דאָס איז אַ ריזיקע פּויק, וואו יעדער איינער לייגט צו אַ האַנט, גיט אַ פּויק און ציט אַרויס עטלעכע אויערפאַר־טויבנדיקע קולות.

ווילט איר האָבן דערפאָלג, שליסט זיך אָן אין פויקאָרקעסטער!

ווילט איר ווערן א באַרימטער שרייבער, נישט פאַרמאָגנדיק קיין ברעקל טאַלענט, גרינדעט א פאַריין, מאַכט זיך חסידים, זייט א שטענדיקער פאָרזיצער, טרינקט א סך סאָדעוואַסער, זיצט שפּעט ביי מיטינגען, — דאַן וועט מען שוין אייער שרייבן פאַרצוקערן.

ווייל וואָס הייסט דאָ קענען שרייבן, פרעגט פּאָמפּאַדור? און פּאָמפּאַדור ענטפערט:

קענען שרייבן — הייסט שטיין אין צ. ק. פון א פאַרטיי; באַטייט דאָ—זיין א רעדנער מיט א הייזעריקער שטים.

ווייל וואָס הייסט דאָ א לעזער? — פרעגט פּאָמפּאַדור.

און פּאָמפּאַדור ענטפערט: א לעזער הייסט דאָ א קעפּל-לעזער. דאָ לעזט מען נישט די אַרטיקלען, נאָך מען קוקט, ווער עס שרייבט זיי: ווען עס שרייבט „מיינער", איז דאָס גרויס...

ווען פּאָמפּאַדור וואַרפט דאָ אַן אויג אויף אַלע אונזערע באַרימטע שרייבער און שאַצט זיי איבער איינס נאָך איינס, זעט ער, אַז דאָס זענען נישט קיין שרייבער, נאַר כּלל-טוער. דורך דעם אָפענעם טויער פון כּלל-טוערײ זענען זיי אַריין אין הויף פון שריפטשטעלעריי. און אויב שרייבן הייסט שכר פאַר שורות, דאַן קריגן זיי די גרעסטע שכירות.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך פאַרטראַכט א ווײַלע און נאָכדעם ווײַטער גערעדט:

אונזערע „יונגע" וועלן קיינמאָל זיך נישט אַרויפאַרבעטן אויף דער יידישער גאַס, ווייל זיי שטייען ווייט פון פאַרטייען, ציטערן, ווען זיי קומען אַרויף אויף א פּלאַטפאָרם, און ווילן געהערן נאַר צו דער מוזע.

נאַראָנים, זיי ווייסן נישט, אַז דעם פאָרזיצערס האַמער האָט שוין דאָ מער מענטשן א נאָמען געמאַכט, ווי די מוזע.

מיט דער מוזע מוז מען שווער אַרבעטן, ביז מען ווערט באַרימט.

און מיטן האַמער איז א קלאַפּ און א צווייטער, און דיין נאָמען איז אויף אַלע ליפּן.

איר קענט האָבן זייער פיל צו זאָגן, נאַר אייער וואָרט האָט קיין ווערט נישט, ווען עס האָט נישט געקריגן קיין צ. ק.-הכשר און איז נישט געשטעמפּלט געוואָרן פון א פאַרטיי-שטעמפּל.

די פאַרטייען האָבן דאָ אַלץ: אַ „מאַשין", געלט אין באַנק, אַ שטעמפּל, און אַזוי אויך ליטעראַטיקל־שרייבער, טעאָרעטיקער, סקיצן־שרייבער, פעליעטאָניסטן און אפילו אייגענע פּאָעטן.

דאָס, וואָס אַמאָל איז געווען דער הויף־פּאָעט, איז הייַנט דער פּאַרטיי־פּאָעט: דיזעלבע פּריילעך־מאַכער אין מיצן.

תלמידים! פאָלגט אייער פּאָמפּאַדורן, פאַרשרייבט זיך פאַר מיט־גלידער פון וועלכער עס איז פּאַרטיי, מעג זי אַפילו זיין פון אַ מזומן מיטגלידער. אפילו קריגן א מאָגערע שטעלע קענט איר אויך נאָר דורך די שמאַלציקע הענט פון די פּאַרטייפירער.

און קענט איר גישט געהערן צו אַ פּאַרטיי, רייבט זיך כאָטש לעבן די פּאַרטייפירער. ווען נישט, זייט איר אויסגעשפּילט, איידער איר האָט נאָך אָנגעהייבן שפּילן.

פריינט מיינע! פּאָמפּאַדור געהער נישט צו קיין פּאַרטיי און דערפאַר ווייסן אַזוי ווייניק מענטשן פון פּאָמפּאַדורן.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור, איז אַוועק און האָט געלאָזט זיינע תלמידים מיט אָפענע מיילער.

ועגן קיי־גומי און גליק.

תלמידים! ווילט איר זיין גליקלעך, קויפט קיי־גומי, לייגט אין מויל און קייט!

קיי־גומי — דאָס איז די שענסטע דערפינדונג פון אַמעריקע.

קיי־גומי — דאָס איז דער מאָרך־פאַרשלעפערער, יושר־פאַרוויגער און געדאַנקען באַפרייער פון דעם אמת־אַמעריקאַנישן בירגער.

יעדעס פאָלק האָט זיין קענגגיפט צום וועלטשמערץ: דער ייד — אַ קאַפּיטל תהילים; דער רוס — א פלעשל „וואָדקע"; דער דייטש — א פאָר צענדליק גלאָז ביר, און דער אַמעריקאַנער — אַ פּעקעלע „קיי־גומי".

קיי־גומי איבער אַלץ.

באַזאָרגט זיך מיט קיי־גומי, קייט סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט,

און איר וועט נישט וויסן פון אידעאַלן-קראַנקהייטן, פון נערוון-צעטרייסלנדיקע וועלטפּראָבלעמען, פון דער לעבן-און טויט-פראַגע.

קייט קיי-גומי, און איר וועט פאַרשפּאָרן צו דענקען און זיך דערדענקען צו זעלבסטמאָרד.

קיי-גומי פאַר אַלץ!

מאַכט איר אַ ליבעדערקלערונג — טוט עס מיט אַ שטיק גומי אין מויל: עס וועט אַרויסקומען פיל באַחנטער און פּראַקטישער.

און אַפילו אין העכסטן עקסטאַז פון דער ליבע, ווען איר כאַפּט אַרום אייער געליבטע וועזן און באַדעקט זיין מלאכים-געזיכט מיט צענדליקער קושן, — אויך דאַן הערט נישט אויף צו קייען דאָס ליבע קייעניש.

און זייט איר אַ גרינער ערשט פון שיף, באַזאָרגט זיך פריער פון אַלץ מיט קייגומי. דאָס לערנען די שפּראַך פון לאַנד וועט אייך נישט מאַכן אַזוי שנעל פאַר אַן אַמעריקאַנער; דאָס באַקענען זיך מיט די בוניטיקע מנהגים און געזעצן פון לאַנד וועט אייך נישט מאַכן אַזוי גיך פאַר „געל", — דאָס קליינע שטיקעלע קיי-גומי וועט עס טאָן פאַר אייך.

גרינע תלמידים מיינע, קייט קיי-גומי אומעטום און שטענדיק!

פּרעדיקט ברודערליבע — און קייט!

קוקט צו אַ געשלעג אין גאַס — און קייט!

דערקלערט קריג — און קייט!

קייען קיי-גומי — דאָס הייסט אויסערלעכע רו און אינער-לעך גליק.

און פּאָמפּאַדור האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן און אויס-געשריען:

זיי מיר געבענטשט, דו קייענדיקע חיה! זיי מיר טויזנט מאָל געגריסט פאַר דיין פּראַקטישקייט און לעבנס-חכמה!

ווייל דאָס גרויסע גליק פון דעם צוקונפטמענטש ליגט נישט אין וועלט-שלום, דאָס גרויסע גליק פון דער מענטשהייט איז נישט פאַרבאָרגן אין אירע פאַרווירקלעכטע אידעאַלן, נאָר אין דעם קליי-נעם שטיקל קיי-גומי.

קיי-גומי — איז דאָס טייערסטע גליקמיטל פאַר דעם ביליקסטן געלטפּרייז!

אזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.
אין יענע טעג האָבן אים זיינע תּלמידים געפונען, ציענדיק פון מויל קיי-גומי.

תּצגן שרייבער, וואס זוכן טעמעס.

זוך נישט קיין טעמעס, — זאָגט פּאָמפּאַדור.
זוכן אַ טעמע — דאָס הייסט זיין געבונדן.
זוכן אַ טעמע — דאָס הייסט עפּעס פאַרלאַנגען.
און ווער דאַרף דיינע פאַרלאַנגען?
דער עולם וויל פלוידערייען, כאַפּ-לאַפּ און „אויף-איין-פוס-ליטעראַטור".

שפּרינג פון איין געדאַנקלאָזיקייט צו דער צווייטער, שרייב וואָס עס פאַלט דיר איין, און דו וועסט האָבן דערפאָלג.

זוך נישט קיין טעמעס, ווארים דאָס וועט דיר ברענגען צום שאַפן.

און שאַפן דאָס איז דאָס גרעסטע אומגליק פאַר אַ יידישן שרייבער.

שאַפן ביי יידן — הייסט נישט האָבן קיין פּרנסה...
שאַפן ביי יידן — הייסט בלייבן אַן אייביקער קבצן.
שאַפן — דאָס הייסט מאַכן קנייטשן אויפן שטערן פון קלוגן לעזער.

און קלוגע שרייבער האָבן מיטלייד מיט זייערע לעזער.
און דערפאַרענע שרייבער לוינט זיך נישט איינצורייסן מיט זייערע לעזער.

ווארים אַ לעזער—דאָס איז היינט אַ נאַריש, צעפּיעשטשעט קינד.
און וואָס טוט מען, אַז עס וואַרפט אַוועק איינגאַנצן דאָס לעזן, — פאַר וועמען שרייבט מען?

אוי, דאָס „פאַר וועמען שרייבט מען"! — ווי שרעקלעך דאָס איז...
עס זענען שוין לאַנג אַוועק די יאָרן פון שרייבן פאַר זיך אַליין, און קוויקן זיך מיט זיך אַליין.

שרייבן פאַר זיך אַליין — הייסט גלויבן.

און דאָס איז היינט אַן אוממעגלעכע זאַך פאַר דער שרייבער, וואָס וויל מאַכן אַ לעבן.

שאַפן און גלויבן—דאָס האָבן געקענט אונזערע זיידעס, וועלכע זענען געווען באַזאָרגט מיט ווייבער, וועלכע האָבן זיי באַזאָרגט מיט חיונה.

אַ היינטיקער שרייבער זאָגט: געמאַכט און פאַרקויפט! איך שרייב נישט פאַר זיך, איך דאַרף דאָס נישט, איך בין ווי דער הויזנניייער, היטלמאַכער, ראָקשטעפער.

פאָדערט—און איך גיב!

פאָדערט נישט—און איך שטום!

שרייבער! זייט נאַריש, זייט אַפילו אידעאַליסטיש, טוט, וואָס איר ווילט. אָבער איין זאַך פאַרשטייט, אַז איר געהערט דעם לע-זער — און נאָר דעם לעזער.

און דערפאַר זוכט נישט קיין טעמעס, ווייל ער, דער לעזער, זוכט נישט קיין טעמעס.

פלוידער, אַבי פאַרשאַף מיר פאַרגעניגן, — דאָס איז דער רוף פון היינטיקן לעזער צו זיין שרייבער.

פייניק מיך נישט! — דאָס איז דער באַפעל פון לעזער צו זיין שרייבער. — ווייסט דאָך, אַז איך לייען עס אין טראַמוויי.

אוי, די טעמעס, די טעמעס! זיי האָבן שוין נישט איין אומ-פראַקטישע שרייבער-נשמה פאַרפירט.

אָט זיץ איך איצט אין צימער און זוך אַ טעמע, — זאָגט פאַמ-פאַדור, און מיינע אַלטע מאַנוסקריפּטן ליגן פאַר מיר און אויך נייע, האַלב אָנגעפאַנגענע, און איך פרעג זיך: ווען וועט שוין קומען אויך מיין צייט?

די צייט פון אויסשרייבן זיך, די צייט פון טעמע-אויסטריקעניש, די צייט פון צעפרידן זיין אָן טעמעס. ווען?

אַזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

תלמידים! — האָט פּאַמפּאַדור אָנגעפאַנגען. — ווילט איר זיין שטענדיק נײ ביים פּאַק, טראָגט אים אונטער אַלטע געדאַנקען.

פּאַמפּאַדור האַלט זייער פיל פון אַלטע געדאַנקען.

אַלטע געדאַנקען זענען שליסלען צו דער זיכערהייטקאַסע פון דערפאָלג.

אַלטע געדאַנקען זענען שטענדיק די נײסטע פּאַרן פּאַק.

נײע געדאַנקען זענען ריזיקאַליש, און דער גרעסטער טייל מענטשן וויל נישט ריזיקירן.

נייע געדאַנקען זענען, ווי ערשט געבוירענע קינדער: זיי לאָזן נישט שלאָפן, און מענטשן ווילן שלאָפן.

ווארפן אין פּאַק א נייעם געדאַנק — הייסט עפענען מוחות, — און דאָס פּאַק וויל נישט עפענען זיין מוח, ווי ער וויל נישט עפענען די פענסטער פון זיין דירה.

און אַ סאַרקאַסטישער שמייכל האָט דורכגעצוקט פּאַמפּאַדורס ליפּן און ער האָט ווייטער גערעדט:

פריינט! זייט איר אַ שרייבער, אַ פרעדיקער אָדער אַן אַנדער מין לערער פון דער מענטשהייט, שרייבט און פּרעדיקט און לערנט נאָר וועגן אַלטע זאַכן. רעדט איר, שיט נאָר מיט פאַרשימלטע פסוקים, שרייבט איר, ברענגט נאָר ציטאַטן פון פאַרשטויבטע ביכער.

דאָס פּאָלק, ווי אַ קליין קינד, האָט ליב צעקייטע זאַכן, און וואָס איז נאָך אַזוי צעקייט, ווי אַן אַלטער געדאַנק?

דער לעזער, ווי דער צוהערער, האָט אַכטונג פאַר גרויע בערד, ווי פאַר פאַרצייטיקע מאָראַלן, פאַר אַן אַלטער חורבה, ווי פאַר אַן אַלטן וויין.

וואו איז דער אַריינגאַנג צום טויער פון דערפאָלג פאַר אַ שרייבער?

— אין טאַלענט! — ענטפערט איינער.

— אין דער נייקייט פון טעמעס! — באַשטימט אַ צווייטער.

— אין פּראָטעקציע! — פּסקנט אַ דריטער.

— אין מזל! — וויל האָבן אַ פערטער.

— אין פאַרטיי-אָנגעקניפּטקייט! — רעזאָנירט אַ פינפטער.

— אין אַ שטענדיקן פלאַץ, וואו זיך דרוקן! — וויצלט זיך אַ זעקסער.

פאַמפאַדור זאָגט: אין נישט וועלן געבן דעם לעזער קיין נייע זאַכן!

נאָר אין אַרויסנעמען פון אַרכיוו פאַרלעגענע אַנטיקן, אין איבער־קייען און ווידערהאָלן ליגט דער דערפאָלג פון אַ שרייבער.

און פאַמפאַדור איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט נאָכדעם ווײַטער גערעדט:

תלמידים! ווילט איר ווערן רייך, האַנדלט מיט אַלטע זאַכן.

אַ סך פון אונזערע איצטיקע גבירים האָבן צו פאַרדאַנקען זייער עשירות דעם מסחר פון אַלטע זאַכן.

ווילט איר ווערן אַ גוטער, אַנערקענטער וויצלער און הומאָריסט, זאָגט אַלטע וויצן!

ביי נייע וויצן דאַרף מען קלערן: זאָל מען פון זיי לאַכן אָדער נישט? פון אַלטע וויצן לאַכט מען זיכער...

און, ליבע מיינע, האָט קיין מורא נישט פאַר ווידערהאָלונגען. ווידערהאָלן — הייסט קלאַפּן מיט אַ טעמפּער האַק איבער יענעמס האַרטן זכרון.

און דאָס פאָלק האָט זייער א האַרטן און שלעכטן זכרון.

און האָט גאָר קיין מורא נישט, ווען אַ מענטש מיט אַ גוטן זכרון וועט אייך אָפּשטעלן און זאָגן: דערדאָזיקער געדאַנק איז אַלט! פון דעם וויץ שמעקט מיט שימל! איך האָב אים שוין געהערט הונדערט מאָל!

איר האָט איינס אין זינען: עס וועלן שטענדיק אויף איינעם, וואָס געדענקט, זיך געפינען ביין און ניינציק, וואָס האָבן שוין פאַרגעסן...

און זייט איר אַ שרייבער און קומט אַ יום־טוב, און מען הייסט אייך שרייבן אַ יום־טוב־אַרטיקל, זוכט נישט קיין נייע טעמעס. דאָס קען אייך פאַרפירן ווער ווייס וואוהין. שרייבט איבער אַן אַלטן אַרטיקל און גיט אים דרוקן.

ווייל ווי דאָס פאָלק האָט ליב זיינע אַלטע ימים־טובים, אַזוי האָט עס ליב די אַלטע געדאַנקען וועגן זיי.

און פאַמפאַדור האָט שוין געוואָלט גיין זיין וועג, נאָר די

תּלמידים האָבן אים געבעטן, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן וועגן נייע און אַלטע זאַכן.

און פּאָמפּאַדור האָט געזאָגט:

אַלטע געדאַנקען — זענען אויטאָריטעטן און אויטאָריטעטן זענען די אייביקע געצן, פאַר וועלכע דאָס פאָלק קניט.

נייע געדאַנקען — זענען רעוואָלוציעס, און פאַר רעוואָלוציעס האָט דאָס פאָלק מורא.

אַלטע געדאַנקען — זענען זיכערע שטולן מיט פעסטע פיס און ווייך-אויסגעבעטע רוקנס, — מען קען זיך אויף זיי אָנשפּאַרן.

נייע געדאַנקען — זענען שפּיציקע שטיינער, אויף וועלכע מען קען צעבלוטיקן די פיס ביי די ערשטע טריט.

דאָס פאָלק קוקט מיט חשד אויף נייע זאַכן.

אַפילו נייס אין די צייטונגען איז אויך פּראַקטישער צו געבן אַלטע.

דאָס פאָלק האָט ליב די עלטסטע נייס, ווי די יינגסטע פרויען.

שרייבט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, אַז דרייפוס איז באַפרייט געוואָרן, אַז פּאָרט-אַרטור איז גענומען געוואָרן, אַז נאַפּאָלעאָן איז אַריין אין מאָסקווע, און מען וועט אייך לייענען.

איך האָב אַמאָל אויך ליב געהאַט נייע זאַכן, — זאָגט פּאָמפּאַדור, — ביז איך האָב איינמאָל דערזען אין שפּיגל, ווי מיין שטערן איז צעקנייטשט, און איך האָב די נייע זאַכן אָנגעהייבן האַסן.

צו וואָס, פרעג איך אייך, זאָל פּאָמפּאַדור זוכן נייס יעדן טאָג אין זיין אייגענעם הארצן, ווען זיינע חברים האָבן פאַר זיך אַ וועלט מיט נייע זאַכן אין די אַלטע שמות, און זיי זענען געזונט, מוטיק און רויטלען זיך, ווי יונגע דאַרפמיידלעך?!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור און האָט פאַרזאָגן זיינע תּלמידים.

און די תלמידים האָבן מקנא געווען פּאַמפּאַדורן, וואָס ער האָט איצט געבנוג געלט און קען זיך פאַרגינען, וואָס ער וויל.

און פּאַמפּאַדור האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

תלמידים! איר קענט נישט אייער פּאַמפּאַדורן.

פּאַמפּאַדור האָט גאָר צום בעסטן ליב בלייבן געלט און איז צייטנווייז גאָר מקנא דעם מענטשן, ביי וועמען עס קלינגט נישט אין קעשענע.

בלייבן אָן געלט — דאָס הייסט אויפלעבן פונדאָסניי דיין זאָרגלאָזיקייט.

בלייבן אָן געלט — הייסט אַ קוק טאָן אויף דער וועלט מיט קינדישע אויגן, אנשטאט וואָס אַלעמאָל קוקט איר אויף איר מיט די אויגן פון אַ סוחר, וואָס קען אַלץ קויפן...

בלייבן אָן געלט — הייסט ווערן צוריק פריי, גיין אומעטום, וואו מען רופט אייך. ווייל האָט איר געלט, הייבט איר אָן צו טראַכטן, וואוהין ס'איז בעסער צו גיין, און פון אַלע גליקן בלייבט איר גאָר אין חויז...

בלייבן אָן געלט — באַטייט: אָנפאַנגען קלעטערן צוריק אויף די די הויכע בערג פון פרייען שטרעבן, אנשטאט צו ליגן אַ געבונדענער אין דעם טאָל פון אַלטעגלעכקייט.

איר, תלמידים מיינע, האָט געוויס ליב, ווען עס קלינגט אין קעשענע. אָבער פּאַמפּאַדור האָט צום בעסטן ליב צו פילן דעם לעצטן סענט, ווי ער גייט אַוועק.

דער לעצטער סענט, וואָס גייט אַוועק, — דאָס איז דאָס ווידערגעבורט פון אייער גליק.

דער לעצטער סענט, וואָס גייט אַוועק, — איז בחורשע פרייהייט, וואָס קומט צוריק.

ווייל וואָס איז גליק? — פרעגט פּאַמפּאַדור.

און פּאַמפּאַדור ענטפערט:

ס'איז נישט קיין גליק אומצוטראָגן זיך טאָג און נאַכט מיט אַ פולן טייסטער און מורא האָבן, פאַר די נישט אנערקענער פון פריוואַט-אייגנטום.

ס'איז נישט קיין גליק צו האָבן געלט אין באַנק און טאָג און נאַכט ציטערן, אַז אָט וועט זי קראַכן.

ס'איז אַפילו נישט קיין גליק צו צאָלן פּינקטלעך דירה-געלט און זען פאַר זיך שטענדיק דעם צופרידענעם שמייכל פון דעם הויז-באַלע-באָס, וואָס נעמט עס צו.

ס'איז אַפילו נישט קיין גליק צו עסן אין צייט און קוקן זיכער דעם קעלנער אין די אויגן.

דאָס אמתע גליק, מיינע פריינט, איז ערגעץ ווייט, ווייטער הינטער דער דירה-געלט זיכערקייט און רעסטאָראַן-זאַטקייט.

דאָס אמתע גליק פון לעבן איז טיפער פון דעם טיפסטן טייסטער.

דאָס אמתע גליק פון לעבן איז אין אומזיכערקייט, איז אין ציטערן מיט יעדן נייעם טאָג לעבן, פאַר דעם נייעם טאָג לעבן און עסן און נישט האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן...

ביי מענטשן, וואָס עס לאָזט זיך ביי זיי קיינמאָל נישט אויס דער סענט, הייבט זיך קיינמאָל נישט אָן דאָס גליק.

דאָס אמתע גליק פון לעבן רוט נישט אין אַ פולן מאָגן — נאָר אין אַ פוסטער קעשענע.

תלמידים! פאָלגט אייער פאַמפאַדורן, בלייבט וואָס אָפטער אָן געלט און איר וועט געפינען אייער געטלאָז גליק.

אַזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

דאָס ליד פון פייער.

פייער, ברען מיך נישט, שוין גענוג! לעש אויס דיין טייוולשע מאַכט.

פייער, נאָך פון חדר-יוגנט ברענסטו מיך, און וואָס האָט פאַמ-פאַדור פון דיין ברענען?!

אָ, די הייליקע האַרץ-פייערלעך, ווי שעדלעך זיי זענען!
פייער — דאָס איז טויט פאַר דער נשמה.
פייער — דאָס איז די מוטער פון אומפּראַקטישקייט און פאָעזיע.
פייער — דאָס איז דאָס קימפּעט-בעט פון דער געטין „ליבע".

פייער — דאָס איז אידעאַל און קדושה.

אוי, די פייערן פון מיין נשמה, ווי איך שרעק זיך פאַר זיי! ווי וואַלד־פייערן אויף גרויסע ברייטע שטרעקעס, וואָס טאַנצן איבער די קעפּ פון די אוראַלטעביימער, ברעכן און ברענען די צווייגן, אַזוי האָבן די פייערן פון מיין נשמה פאַרניכטעט די שענסטע ביימער פון מיינע וואַלד־פאַנטאַזיעס און גלויבנס.

טאָג־טעגלעך ברענען וואַלד־פייערן אין מיין האַרצן, און ווער קען זיי לעשן? און ווען פאַר פּאַמפּאַדורן שטייט אַ גרויס גלאָז קאַלט סאָדעוואַסער, און ער טרינקט, און פילט זיך רויִקער, דאַן קוקט אים אויס דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן, ווי אַ גרויס הויז, וואָס איז יעדע מינוט אין געפאַר פאַרניכטעט צו ווערן.

און ער בענטשט דאַן די פייערלעשער.

די פייערלעשער, דאָס זענען די פּראַקטישע אידעאַלן, וואָס לעשן אויס די פייערן, פאַרטרייבן דעם רויך, קלעטערן אויף אומזיכערע לייטערס צו ראַטעווען די שוואַכע און די דערשראָקענע.

און ער בענטשט אויך דאַן די וואַסערלייטונג, וואָס באַזאָרגט געניג וואַסער אויף צו פאַרהיטן פון אונטערגאַנג.

פייער, ברען נישט מער!

פריינט מיינער! לעש אויס די פייערן פון דיין האַרצן און דו וועסט געפינען די בריק, וואָס פירט צום נייעם מענטש.

אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

וועגן מאָנאָלאָג און דיאַלאָג.

תּלמידים! די קלוגסטע פאָרם פון געשפּרעך איז דאָס שווייגן, נאָר אַזוי ווי די חכמה פון שווייגן קענען זייער ווייניקע, דערפאַר וויל איך מיט אייך רעדן וועגן מאָנאָלאָג און דיאַלאָג.

פּאַמפּאַדור שטעלט דעם מאָנאָלאָג פיל העכער, ווי דעם דיאַלאָג.

מאָנאָלאָג — איז בחורשאַפט. דאָס איז איין צימער פאַר זיך אַליין, אַ שטענדיקער שמועס מיט זיך אַליין.

דיאַלאָג — דאָס איז פֿאַמיליעלעבן, אַ שטענדיק איבעררעדן זיך מיטן ווייב.

מאָנאָלאָג — איז לידיק, ממילא אמתע פּאָעזיע.

דיאַלאָג — איז דראַמע, און דערפֿאַר אַזוי געקינצלט, ווי אַלץ אויף דער בינע.

מאָנאָלאָג — איז אַ מעשהלע, וואָס אַ מאַמע דערציילט איר קינד.

דיאַלאָג — איז רכילות פֿון ווייבער אויף די טרעפּ פֿון הויז.

מאָנאָלאָג — איז תּפֿילה.

דיאַלאָג — לשון-הרע.

פּאָמפּאַדור האָט ליב די מאָנאָלאָג-מענטשן, די מענטשן, וואָס קענען זיין מיט זיך אַליין, רעדן צו זיך אַליין און פֿאַרטיפֿן זיך אין זיך אַליין.

צו וואָס דיאַלאָגעווען? — פֿרעגט פּאָמפּאַדור, — צו וואָס רעדן מיט יענעם.

אויב איר האָט נישט וואָס צו זאָגן, איז דאָך איבעריק די אַרבעט, און אויב איר האָט יאָ עפּעס צו זאָגן, וועט איר געפֿינען אַזוי ווייניק צוהערער.

און פּאָמפּאַדור האָט זיך אויף אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט און האָט ווידער גערעדט:

תּלמידים! וואָס מער פּאָמפּאַדור טראַכט, אַלץ מער ווערט ער באַגייסטערט פֿונם מאָנאָלאָג.

רעדן מיט זיך אַליין — דאָס איז נאַטירלעכקייט.

דער מענטש איז דאָן אויפֿריכטיק, אינטים.

רעדן מיט אַ צווייטן — הייסט זאָגן ליגן, זיך אויספּיינען און זיין פֿאַלש.

זיך אויסרעדן דאָס האַרץ — דאָס איז מאָנאָלאָג.

פֿרעגן אַן עצה — דיאַלאָג.

לייען אַ גמילות-חסד — דאָס איז מאָנאָלאָג (איר רעדט און יענער שווייגט).

מאָנען אַ גמילות-חסד — דאָס איז דיאַלאָג (יענער מאָנט און איר זאָגט, אַז איר האָט נישט).

און אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף פּאָמפּאַדורס ליפּן און ער האָט ווייטער גערעדט:

מאָנאָלאָג — איז אַן אסיפה פאַר זיך, שטענדיק איינגעגעבן, גוט דורכגעפּירט.

דיאַלאָג — איז אַ קאָנפערענץ אין אַ גרויסן זאַל, מיט מחלוקות, דעבאַטן און גאָרנישט טאָן.

מאָנאָלאָג — איז אמתע ליבע.

ווען אַ מענטש איז פאַרליבט, רעדט ער צו זיך אַליין. רעדט ער אַפילו נישט מיט זיין געליבטער. געפינט ער אַ חבר צו זיינע לייד און פרייד בלויז אין זיין אייגענער נשמה.

דיאַלאָג — איז שוין ליבע-דערקלערונג מיט אַן ענטפער פון איר זייט. און דאָס איז דער אָנהייב פון קריג.

אוי, דער דיאַלאָג, דער דיאַלאָג! ווי פיינט עס האָט אים פּאָמפּאַדור!

די וועלט איז פול מיט רייד.

ווען מענטשן וועלן קומען צום אייביקן מאָנאָלאָג, ערשט דאַן וועלן זיי ווערן ריכטיקע מענטשן. זיי וועלן שווייגן לאַנג און רעדן גאָרנישט...

תלמידים, רופט אויס צוזאַמען מיט פּאָמפּאַדורן: נידער מיטן דיאַלאָג, זאָל לעבן דער מאָנאָלאָג!

און פּאָמפּאַדור איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט מער גאָרנישט געוואָלט זאָגן, אָבער די תלמידים זענען צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן וועגן מאָנאָלאָג און דיאַלאָג, און פּאָמפּאַדור האָט געזאָגט:

מאָנאָלאָג — איז דער ווינט, וואָס שרייט אין פעלד און וויל קיינעם נישט פאָלגן.

מאָנאָלאָג — איז דאָס געזאַנג פון אַ פויגל, וואָס זוכט נישט קיין צוהערער.

מאָנאָלאָג איז דער גרונט-טאָן פון דער גרויסער עלעגיע פון דער וועלט, וואָס הייסט — „יידיש פאָלק".

דאָס יידישע פאָלק איז אַ פאָלק פון מאָנאָלאָג. עס רעדט כסדר פאַר זיך. קיינער הערט אים נישט... עס באַקלאָגט זיך, אָבער עס בלייבט בלויז אַ מאָנאָלאָג.

זיין נישט געהערטער געשריי אין גלות — איז אַ מאָנאָלאָג. זיין פאַרשטיקטער קרעכץ איז אַ מאָנאָלאָג. און דערפאַר איז ער אַזוי טראַגיש-שיין, און דערפאַר האָט פּאָמפּאַדור אַזוי ליב זיין פאָלק...

תּלמידים! גענוג שוין רעדן אַפילו פון מאָנאָלאָג. פּאָמפּאַדור האַלט זייער פיל פון שווייגן. און מאָנאָלאָג איז דער שאָסיי-וועג, וואָס פירט צום שווייגן.

וועגן לאָמבאַרדן און שיינע חלומות.

און ס'איז געווען אין דער צייט פון גרויסן קריזיס, און די תּלמידים האָבן באַגעגנט פּאָמפּאַדורן אויפן וועג צום לאָמבאַרד, און ער האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

תּלמידים מיינע! די שענסטע אינסטיטוציע אין לאַנד איז דער לאָמבאַרד.

אַ לאָמבאַרד — דאָס איז דאָס לעבן: מיר אַלע פאַרמשכּונען דאָרטן אונזערע בעסטע חפצים, אונזערע גאָלדענע שטרעבונגען, דימענטענע אידעאַלן און זיידענע חלומות.

מיר אַלע טראָגן אַהין די זייגערלעך פון אונזער צוקונפט, די רינגען פון אונזער פאַנטאַזיע, בראַנזאָלעטן פון אונזערע האָפענונגען.

מיר ווייסן קיינמאָל נישט דעם סוף פון אונזערע טייערסטע זאַכן: אַ חופּה-רינג, אָט איז ער אויף די צאַרטע פינגער פון אונזער געליבטער, און אָט גייט ער איבער אויף די פינגער פון אַ גאַסנפרוי.

ווען מיר זענען יונג, זענען מיר נישט שטאַרק אויסגערעכנט. מיר ברענען צופיל און דאַן הייבן מיר אָן טראָגן אין לאָמבאַרד פון לעבן צו פאַרזעצן. מיר פאַרזעצן דאָרטן ביסלעכווייז אונזער ליבע, אונזער גלויבן, אונזער ברען און אונזערע שענסטע חלומות.

מיר טראָגן אַזוי לאַנג אין לאָמבאַרד, ביז מיר בלייבן ביי די אָפּגעריבענע קוויט-צעטלעך: אונזער זילבער ווערט אויסגעשטעלט אין פענסטער צו דער גאַס אַרויס און פאַרקויפט צו דורכגייער.

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

און איז ווייטער געגאַנגען.

תּלמידים מיינע, וואַנדערט נישט! זאָגט פּאַמפּאַדור.
זוכט נישט קיין נייע לענדער! עס זענען נישטאָ קיין נייע לענדער פאַרן אומרויִקן גייסט.
פון אייער קליין, היימיש פענסטערל קענט איר זען מער וועלטן, ווי פון די צענדליקער פענצטער פון שנעל-לויפנדיקע צוגן.
תּלמידים מיינע! זיצט אויף איין פּלאַץ.
זיצן אויף איין פּלאַץ — הייסט ווערן אַ חשוב ביי שכנים און קריגן קרעדיט אין דערבייאיקן קרעמל.
אויפן וואַנדערוועג קענען בלויז געבוירן ווערן גייסטיקע מפּיל-קינדער.
אין די וואַגאָנעס קענט איר בלויז זען פּנימער, נישט קיין נשמות.
אין אַ האָטעל-בעט קען מען נישט אויסוואַרעמען קיין געפילן.
מ'איז צעפרידן אַז מ'וואַרעמט אויס די גלידער.
מיטן קאָפּ אויף אַ פרעמדער קישן קען מען נישט שיין חלומען.
דער שיינער גייסט מוז האָבן אַ היים, כאָטש ס'איז אים שווער צו צאָלן דירה-געלט...
תּלמידים מיינע, וואַנדערט נישט!
די גרעסטע ים-שיף קען נישט פאַרוויגן דעם שטורעם פון האַרצן.
אַן אומרויִקע נשמה קען נישט געפינען קיין רו ביי נייע ברעגן.
די אינעווייניקסטע שטים פון אומצופרידנקייט קען קיין פייף פון אַ שיף-קוימען נישט פאַרטומלען.
דריקן אַלעמאָל נייע הענט נעמט נישט אַרונטער דעם דרוק פון האַרצן.
זוכן גוטע מענטשן אינדערפרעמד, איז ווי צו זוכן ליבע ביי אויסגעפּאַסענע פרויען...
שטאָטמענטש, צו וואָס וואַנדערן?
איין שטאָט פון אייזן און שטיין איז נישט בעסער פון אַ צווייטער.
דער גאַסנשטויב איז אין אַלע לענדער דערזעלבער.
נישטאָ קיין גליק אינדערפרעמד, ווען איר האָט עס נישט אינדערהיים.

דאָס גליק פון מענטשן פלאַטערט העכער איבער די מאַטעריי-מער פון די גרעסטע שיפן; דער סוד פון אַן אידעאַלן לעבן איז פיל ווייטער פון דער גרעסטער ווייטקייט.

תלמידים, זיצט אויף איין פּלאַץ!

ווען אַלע וואָלטן געווען וואַנדערער, וואָלט די וועלט בלויז אויסגעקוקט, ווי איין גרויסער האָטעל מיט בעטלעך און מאַטראַצן; וואָלטן די איינציקע נוצלעכע מענטשן געווען די קעלנער; וואָלט די ליטעראַטור געווען בלויז אַ ליטעראַטור פון אַ שפּייז-קאַרטע; די עס-טעטיק — אַ צייכנהעלצל אין מויל; די ליבע — אַ נאַכט אין אַ צימער פון אַ האָטעל; דער אמת — אַ רענצל מיט קויטיקע וועש; די דאַנק-באַרקייט — טרינקגעלט פאַר די בעלי-עגלות און משרתים; און די יאָרן — אַן אַרויפשטייגן און אַראָפּשטייגן אויף באַנען...

פאַר פּאָמפּאַדורס אויגן ציען זיך דורך אַ ריי וואַנדער-פעלקער און ער רופט:

אומגליקלעך איז דאָס פאָלק, וואָס האָט אַ וואַנדערשטעקן אין האַנט, אנשטאט אַ באָדן אונטער די פיס.

אַ פאָלק, וואָס וואַנדערט, קען בלויז האָבן אַ היסטאָריע פון האָטעל-חשבונות, באַליידיקונגען פון קעלנער און שלאָפלאָזע נעכט.

תלמידים, וואַנדערט נישט, ווען אַפילו מ׳מאַכט פאַר אייך הונ-דערט אפשייד-אָוונטן.

דאָס איינציקע קונסטווערק, וואָס דער וואַנדערער האָט געשאַפן, איז די טאַרבע.

קיין וואַנדערער, זינט די וועלט איז אַ וועלט, האָט נישט גע-בראַכט פון זיין וואַנדערוועג דעם אלכעמישן שטיין פון גליק...

תלמידים מיינע, הערט פּאָמפּאַדורן.

פּאָמפּאַדורס היים איז אומעטום און אין ערגעץ נישט. פּאָמפּאַדור דאַרף נישט וואַנדערן...

זיין גייסט האָט נישט קיין טאַמאָזשנעס און גרענעצן; אָט איז ער מיט אייך און אָט כאַפּט ער זיך אַריבער איבער ימים, פאַרפליט אין די טיפסטע וויסטענישן, ציט זיך אויס פריי אויף ווילדע גראָזן.

מיין טרוים האָט שטאַרקע פיס. ער גייט אויס אין איין ווילע גאַנצע לענדער.

מיין טרוים האָט לאַנגע הענט, ער דערלאַנגט מיט זיין שלום אַלע מענטשן און פעלקער.
גייסט מיינער, דו דאַרפסט נישט וואַנדערן.
אַזוי האָט גערעדט פּאַמפּאַדור.

הענגן ליבע צום מוטערלאַנד.

תּלמידים, פון אַלע זייטן טראָגט זיך אַ געשריי: דאָס פאָטער־לאַנד איז אין געפאַר! טוט אייער פליכט צום פאָטערלאַנד! קומט ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד!
פון אַלע זייטן פּויקט מען פון ליבע צום פאָטערלאַנד, פון אָפּפערן זיך פאַרן פאָטערלאַנד.
און דער עולם ווערט פּאַטריאָטיש ווילד און לויפט ראַטעווען.
אָבער פּאַמפּאַדור וויל פאַר אייך קומען מיט אַ נייער לערע: די לערע פון מוטערלאַנד.
תּלמידים! פריער האָבן אַלע גערעדט און געפּרעדיקט ליבע צום פאָטערלאַנד, און אין דעם נאָמען פון דערדאָזיקער ליבע איז מען באַגאַנגען די גרעסטע רציחות און שאַנדטאַטן.
פּאַמפּאַדור וויל צו אייך רעדן פון אַ נייער ליבע, — פון ליבע צום מוטערלאַנד.
די אַלטע ליבע צום פאָטערלאַנד האָט אונז גענאַרט, מיאוס גע־נאַרט, דערפאַר מוז מען איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף מאַכן צו דער וועלט־פאַרניכטנדיקער פראַזע: „ליבע צום פאָטערלאַנד!"
וואָס איז ליבע צום פאָטערלאַנד? — פרעגט פּאַמפּאַדור. און ער ענטפערט:
ליבע צום פאָטערלאַנד — דאָס איז אַ הכשר אויף שנאה אין נאָמען פון ליבע.
דאָס איז גוואַלד און פאַרגוואַלדיקונג אין נאָמען פון מענטש־לעכקייט.
ליבע צום פאָטערלאַנד — דאָס באַטייט רויִנע פון אונזערע היימען אין נאָמען פון ליבע צום לאַנד.

און וואָס איז ליבע צום מוטערלאַנד? — פרעגט פּאָמפּאַדור.
און פּאָמפּאַדור ענטפערט:
ליבע צום מוטערלאַנד — דאָס באַטייט אייביקער שלום און אויפ־האַלט פון טויזנטער היימען.
ליבע צום מוטערלאַנד — הייסט: מענטשן, זייט גליקלעך.
תלמידים! פירט מיך צום מוטערלאַנד!
דאָרט איז זונשיין, דאָרט איז רו, דאָרט איז שטילקייט!
און פּאָמפּאַדור האָט זיך פאַרקוקט ערגעץ ווייט, ווייט און נאָכ־דעם געזעדט:

ליבע צום פאָטערלאַנד — דאָס איז פאַרהייליקונג פון טויטער געשיכטע; דאָס איז אַ קדוש־טאַנץ פאַר מצבות; דאָס איז לאָבן זיך מיט דער העלדישקייט פון געשטאָרבענע זיידעס.

ליבע צום מוטערלאַנד — דאָס איז צוקונפט און פרייד; דאָס איז זינגען וויגלידער פאַר קינדער, וואָס דארפן ערשט געבוירן ווערן.
ליבע צום פאָטערלאַנד — הייסט אַ שפּיל אין סאָלדאַטן, אַ גליק פאַר אַמוניציע־פאַבריקאַנטן.

ליבע צום מוטערלאַנד — הייסט שפּיל פון קינדער און גליק די מוטערס.

וואָס איז דער כבוד פון פאָטערלאַנד?
דער כבוד פון פאָטערלאַנד איז דער מאָדערנער פייערגאָט, וואָס האָט ליב מענטשנפלייש.

און ווייסט איר, וואָס איז דער כבוד פון מוטערלאַנד?
דער כבוד פון מוטערלאַנד — איז אַ שטילע טויב, וואָס באַוואַכט איר טויבן־נעסט.

די ליבע צום פאָטערלאַנד — איז אַ געקינצלטע, אָבער די ליבע צום מוטערלאַנד איז אַ נאַטירלעכע.

פאַר ליבע צום מוטערלאַנד איז נישטאָ קיין גרענעצן און קיין ימים; די גאַנצע וועלט איז אָפן פאַר איר, בעת ליבע צום פאָטער־לאַנד איז אַ באַגרענעצטע און שמאָל־הערציקע.

פריינט מיינע! דער פאָטער־קולט האָט שוין צופיל באַהערשט די וועלט, זאָל פון איצט אָן אָנהייבן הערשן דער מוטער־קולט.
ס'איז שוין צייט, אַז די פאָטערס זאָלן בכלל איבערגעבן די מוטערס די לייצעס פון דער ממשלה.

וואָס פאָטער־הערשאַפט איז, דאָס ווייסן מיר שוין, לאָמיר אויך פּרואוון מוטער־הערשאַפט.

פאָטערס רעדן נאָר אין נאָמען פון כּבוד, מוטערס רעדן אין נאָמען פון זייערע קינדער. און וואָס איז ערגווירדיקער?

דאָס מוטערלאַנד איז אומעטום, וואו מיין מאַמע לעבט מיט מיר, וואו מען האָט מיך ליב.

דאָס פאָטערלאַנד איז נאָר דאָ, וואו מען שיקט מיך אין פייער.

און וואָסער לאַנד איז בעסער?

האָט נישט קיין מורא פאַר דער מוטער־שוואַכקייט.

אונזער פאטערלעכע שטאַרקייט האָט אונז בלויז געהאָלפן חרוב מאַכן אַ וועלט. אפשר וועט די מוטערלעכע שוואַכקייט העלפן בויען אַ נייע וועלט?

תּלמידים! פּאָמפּאַדור איז פאַר אַ מוטערלאַנד, ווייל ער איז פאַר אַ קינדערלאַנד!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

נאָכאַמאָל וועגן יאָרן.

תּלמידים! — האָט פּאָמפּאַדור אָנגעהייבן רעדן, גלייך ווי זיינע תּלמידים האָבן אים געטראָפן ערב ניי־יאָר 1917, — איר וועט גלויבן אייער פּאָמפּאַדורן, צי נישט, נאָר פּאָמפּאַדור האָט ליב נישט די יאָרן, וואָס קומען אָן, נאָר די יאָרן, וואָס גייען אַוועק.

יאָרן, וואָס גייען אַוועק — זענען בעלי־חובות, וואָס האָבן שוין איינגעמאָנט זייער חוב, אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן, — אָבער איינגעמאָנט.

יאָרן, וואָס קומען אָן — זענען בעלי־חובות, וואָס קומען ערשט קלאַפּן אין טיש.

און מיט וואָס וועט איר זיי באַצאָלן? ווייסט איר כאָטש, אַז איר זענט באַנקראָט?

יאָרן — וואָס גייען אַוועק — זענען ליבעס, וואָס האָבן זיך שוין אויסגעשפּילט.

און אויסגעשפּילטע ליבעס זענען די בעסטע, ווייל מען קען זיי שוין נעמען אונטערן מעסער פון קריטיק און זען אין דעם ליכט פון קלאָרן שׂכל.

יאָרן, וואָס קומען אָן — זענען ליבעס, וואָס איר דאַרפט ערשט שפּילן, און צו וואָס די אומזיסטע ערגערניש און האַרצווייטיק? גלויבט איר דען אין ליבע?

יאָרן, וואָס גייען אַוועק, וועבן ערינערונגען: גוט אָדער שלעכט, נאַריש אָדער קלוג, — ליבן מוז מען זיי.

יאָרן, וואָס קומען אָן — זענען נאַרישע מעשׂים, וואָס מען קלויבט זיך ערשט טאָן, און צו וואָס זיך ווייטער נאַריש מאַכן?

און פּאָמפּאַדור האָט שטרענג אָנגעקוקט די תּלמידים זיינע, ווי נייגעריק זיי בעטן, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן, און ער האָט ווייטער גערעדט:

יאָרן, וואָס גייען אַוועק — זענען מלבושים אָפּגעטראָגענע, ביי די אַרבל אָפּגעריבענע, מיט אַ גלאַנץ אויף די לאַצן, אָן קנעפּלעך, און דאָך איז שווער זיך פון זיי צו שיידן.

יאָרן, וואָס קומען אָן — זענען מלבושים ערשט געבראַכט פון שניידער: עס שמעקט פון זיי מיט נייקייט, יעדער טייל איז גוט צו־געפּרעסט, די נייע קנעפּלעך שמייכלען מיט זייערע פרישע פּנימלעך, איר טוט זיי אָן, — און דאָך פילט איך זיך אין זיי נישט באַקוועם.

יאָרן, וואָס גייען אַוועק — זענען געסט, גוטע, פיינע, וואָס האָבן אייך באַזוכט, אויפגעגעסן און אויסגעטרונקען אַלץ אין הויז, פאַרפלעקט די טישטוכער, אָנגעברויכערט און אָנגעוואָרפן ציגאַרן־אַש, געמאַכט אייך דול און קראַנק — אָבער דאָך זענען זיי שוין אַוועק, — אַ דאַנק!

יאָרן, וואָס קומען אָן — זענען געסט, וואָס דאַרפן ערשט קו־מען: דער טיש איז פאַר זיי געגרייט, דער כּיבוד לאַכט אַרויס פון די שיינע כּלים, און פון דער דערפאַרונג מיט די אַלטע געסט פילט איר, אַז גלייכער וואָלטן זיי נישט געקומען.

יאָרן, וואָס גייען אַוועק — זענען אויסגעגעבענע טעכטער: טאַקע שווער אָנגעקומען, אָבער דאָך אָדאָפּגעפּטרט, אַרונטער אַ הוי־קער פון פּלייצע, מען קען צו זיי אַפילו גיין צו גאַסט און האָבן נחת...

יאָרן, וואָס קומען אָן — זענען טעכטער, וואָס מען דאַרף זיי

ערשט חתונה מאַכן, דאָס הויז איז פול מיט זייער טומל, טאַטע-מאַמע גייען אום שטענדיק פאַרזאָרגט: „אַך, ווען גאָט העלפט און מיר גיבן זיי שוין אויס!"

און פּאָמפּאַדור האָט געשיקט זיין בליק ערגעץ ווייט, ווייט, און ער האָט ווייטער גערעדט:

תלמידים! אייער פּאָמפּאַדור ווערט זייער פּעסימיסטיש יעדן ערב ניי-יאָר.

פּאָמפּאַדור זעט, ווי עס ווערט געבוירן אַ ניי יאָר, און ער זאָגט: נאָך אַ קאַליקע אין דער משפּחה פון יאָרן!

און ווער דאַרף אַזויפיל קאַליקעס?

פּאָמפּאַדור וואַרפט זיין אויג אין דער אייביקייט און ער זעט זי אין דער געשטאַלט פון אַן אומענדלעכן בית-עולם, וואו עס רוען יאָרן אָן אַ צאָל און אָן אַ חשבון.

און אַ שרעק כאַפּט אַרום פּאָמפּאַדורן פאַר דעם גיגאַנטישן בית-עולם.

און דאַן זעט ער די באָבע-צייט אין דעם געשטאַלט פון מלאך-המות, וואָס קאָסעט אייני-אָריקע עופהלעך גאָר אָן רחמנות.

און פּאָמפּאַדור פרעגט: צו וואָס געבוירן ווערן, צו לעבן בלויז איין יאָר?

פּאָמפּאַדור האָט מיטלייד מיט נייגעבוירענע יאָרן, ווי מיט ניי-געבוירענע קינדער.

וועט דען דער נייגעבוירענער האָבן מער מזל, ווי זיין פאַרשטאָרבענער ברודער?

און פּאָמפּאַדור טראַכט: אפשר וואָלט מען זיך גענומען טראַכטן פון אַ יאָרן-געבורט-קאָנטראָל, ווי פון אַ קינדער-געבורט-קאָנטראָל?

און פּאָמפּאַדורן איז זייער אומעטיק געוואָרן און ער האָט מער גאָרנישט געוואָלט זאָגן, נאָר די תלמידים האָבן אים מיט הונגעריקע אויגן געבעטן, ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן, און ער האָט געזאָגט:

אוי, איר יאָרן, וואָס איר גייט אַוועק, ווי שיין איר זענט נאָכדעם, ווי איר זענט שוין אַוועק!

תלמידים! ווען אייער פּאָמפּאַדור הערט דעם ניי-יאָר-טומל, דעם כאָרגעקלאַנג פון די גלעקער, דעם שיכורן גערויש פון די

מענטשן, וואָס פרייען זיך מיט די ניי-אָנגעקומענע יאָרן, צעלאַכט ער זיך ביטער און זאָגט:

אָ, איר קורצזיכטיקע! פילט איר דען נישט, אַז מיט דעם פייערן פון די נייע יאָרן ווערט אויסגעלאָשן דער פייער פון אייער הארצן? אַז מיט דעם שיכורן לכבוד דעם ניי-יאָר פארשיכורט איר אייער לעבן? און אַז אין דעם גלאָקן-קלאַנג הערט זיך דער קלאַנג פון אייערע יוגנטגלעקלעך, וואָס ווערן פארקלונגען?

אָ, איר לייכטזיניקע און קורצזיכטיקע!

אַזוי האָט גערעדט פאַמפאַדור.

חעגן קלאר און נישט קלאר.

אוי, ווי איך האָב פיינט די מענטשן, וואָס פאר זיי איז אַלץ קלאָר, — זאָגט פאַמפאַדור.

קלאָרקייט — איז דער שונא פון פּאָעזיע, פון פאַנטאַזיעס און קינדער-מעשהלעך.

קלאָרקייט — איז די מאַמע פון פּראַקטישקייט.

פאַר דעם פּראַקטיקער זענען אָפן אַלע זיבן הימלען, און ער זעט דאָרט קלאָר גאָטס פּנים און גאָטס באָרד, און ער זעט אויך קלאָר די לאַנגע טישן מיט די גוטע פישן, וואָס שטייען אין גן-עדן אָנגעגרייט פאַר אים.

קלאָרקייט — דאָס איז אַ פּאַרטיי-פּראָגראַם, וואָס איז איינמאָל אויפגעשריבן און גייט נישט ווייטער פון שריפט.

אומקלאָרקייט — דאָס איז ברייטקייט, שיינקייט און פילפאַרביקייט.

קלאָרקייט — איז די פאַרטיילעכקייט פון אַ פּאַרטיי-מיטגליד, וואָס פאַר אים איז בלויז קלאָר זיינס און אומקלאָר אַלץ, וואָס איז נישט זיינס.

אומקלאָרקייט — דאָס איז דער שענסטער פּעריאָד צו דער ליבע פון אַ פרוי.

ווען די ליבע ווערט אייך שוין קלאָר, פאַרוואַנדלט זי זיך אין הייראַט.

קלאָרקייט אין ליטעראַטור — הייסט פּאָפּולאַריזאַציע, הייסט קריכן צום עולם.

קלאָרקייט — הייסט נישט האָבן קיין ספקות און צווייפלען.

און נאָר באַלעבאַטים פון לאַנגע אויערן פאַרמאָגן קיין צווייפל נישט.

קלאָרקייט — איז דער פירשטעקן אין די הענט פון כיטרע פי־רער צו פירן די אומקלאָרע מאַסן.

אונזער לעבן איז שוין צו קלאָר, — דערפאַר איז עס אַזוי וואָכעדיק.

פאַר אַן אַרבעטער איז זיין טאָג קלאָר: אויפשטיין מיטן זייגער, עסן מיטן זייגער, קומען מיטן זייגער, און אַפילו דאָס עסן, וואָס דאָס ווייב מאַכט פאַר אים, איז אים אויך קלאָר... דאָסזעלביקע, וואָס נעכטן און אייערנעכטן.

אַ יום־טוב — הייסט, ווען איך ווייס נישט קלאָר, וואָס פאַר אַ גליקן עס דערוואַרטן מיך מאָרגן.

דער טאָג פון רייכן איז אומקלאָר, דערפאַר איז ער אַזוי יוואוילטאָגיק.

קלאָרקייט — איז טויט.

אומקלאָרקייט — איז לעבן און האָפענונג.

פריינט! וואָס מער אומקלאָרקייט אין אונזער לעבן, אַלץ גליק־לעכער וועלן מיר זיין.

אָ, איר פאַרפלאָנטערטע אומקלאָרע בענקשאַפטן פון מיין האַרצן, צעגייט זיך נישט, וואָרים נאָר מיט אייך בין איך שטאַרק און מוטיק!

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

יעגן וואכן און שלאפן.

היינט וויל איך מיט אייך רעדן אַ גאַנצע נאַכט, תלמידים מיינע!

היינט, וויל איך וואַך זיין!

האָט איר שוין אַמאָל געהאַט דעם חשק פון אייביק וואַך זיין?

האָט איר שוין אַמאָל געהאַט דעם פאַרלאַנג צו טרייבן פון זיך דעם שלאָף, ווי אַ שונא?

שלאָפן — דאָס איז די שקלאַפנקייט, וואָס די נאַטור האָט געשענקט דעם מענטשן, דער קנעכטשאַפט-שטעמפל, מיט וועלכן דער טייוול האָט באַזיגט אונזער נשמה, דער אייביקער זיג פון קערפּער איבערן גייסט.

איך וויל וואַכן, תּלמידים מיינע, און פריי זיין.

איך וויל אייביק וואַך זיין און לאַכן דער נאַטור אין איר הערשער-פּנים אַריין.

ווי ליב ס'איז מיר צו מאַכן פון נאַכט טאָג און טרייבן די שאָטנס אין זייערע ווינקלען אַריין.

ווי ליב ס'איז צו רעוואָלטירן קעגן די מעשי-בראשית, קעגן דעם אוראַלטן געזעץ פון דער וועלט...

וואַכן — דאָס איז דאָס געוועהר פון צוקונפטמענטש, דער זיג פון רייכן גייסט איבערן אָרעמען קערפּער.

אָ, די שלאָפלאָזע נעכט, ווי טייער זיי זענען מיר!

אוי, דער ווילן אייביק וואַך צו זיין, וואו נעמט מען אים?

דאָקטוירים, קערפּער-פאַרהייליקער און געזונט-פאַרהיטער! גיט מיר נישט קיינע רפואות, — איך וויל אייביק וואַך זיין! איר האַלט שלאָפלאָזיקייט פאַר אַ קראַנקהייט? — איך נישט!

איר זוכט מיטלען, ווי די שלאָפלאָזיקייט צו טויטן, — איך זוך זי אויפצולעבן... אָ, די יונגע שלאָפלאָזע נעכט מיינע, וואו נעמט מען זיי?

אָ, דער חשק אייביק וואַך צו זיין, וואו קריגט מען אים איצט?

תּלמידים מיינע, גיסט ווייַן, פּלאַפּלט, שיכּורט און טרייבט פון זיך דעם שלאָף אויף מיילן-ווייט!..

אַזוי האָט גערעדט פּאָמפּאַדור.

כ'האָב נישט ליב קיין תּפילות, — זאָגט פּאַמפּאַדור, — ווייל מיין האַרץ קען נישט פאַרטראָגן קיין געטער.

אָבער אָפט ווילט זיך פּאַמפּאַדורן מתפּלל זיין און ער באַשאַפט זיך אַליין אַ גרויסן גאָט, אַ גאָט אַ ריז, און זאָגט צו אים אַזוי:

גאָט! איך אַנערקען, אַז קעגן דיר בין איך שוואַך, און דערפאַר פּראָטעסטיר איך קעגן דיר.

אַלע שוואַכע מוזן פּראָטעסטירן.

און ווייל איך ווייס, אַז פּראָטעסטירן העלפט נישט, האַס איך דיך...

אַלע נישט-געהאָלפענע מוזן האַסן.

גאָט, איך פאַרשטיי נישט דעם צוועק פון מיין קומען און דעם זין פון מיין אוועקגיין, און דערפאַר האַס איך דיך ווידער, און טאָפּלט האַס איך דיך, ווייל איך ווייס, אַז כדי צו קענען דיך האַסן, האָב איך דיך געדאַרפט אויסטראַכטן...

אויסגעטראַכטער גאָט! דיין וועלט איז נאַריש, אויב זי איז געשאַפן דורך דיר...

און איז זי נישט געשאַפן דורך דיר, איז זי אויך נאַריש...

הויכווירדיקער באַשעפער! די ערד וואָלט געווען מיאוס, ווען די פאַרשפּרייטסט נישט דיין הימל איבער איר.

די ערד איז נישט שענער, ווען זי פאַרמאָגט דיין פאַרשפּרייטן הימל איבער זיך...

דיין הימל איז אַזוי ווייניק ריין און בלוי און הימלדיק; און ווען ער איז ריין, האָבן די מענטשן קיין צייט נישט צו קוקן אויף אים...

ריזיקער גאָט פון מיין פאַנטאַזיע! זיי נישט ברוגז אויף פּאַמפּאַדורן, ווען ער וואַרפט דיר אין דיין געטלעכן פּנים דיינע טעותים.

פּאַמפּאַדור גלויבט, אַז דיין גרויסקייט, גאָט, ליגט אין דיינע גרויסע טעותים, וואָס דו האָסט געמאַכט...

און צווישן אַלע דיינע טעותים איז די קרוין פון דיינע טעותים: „פרוי און מאַן".

צו וואָס האָסטו, גאָט, זיי באַשאַפן באַזונדער? דו האָסט

דאָך זיי געקענט באַשאַפן *ביידע אינאיינעם*, וואָלטן זיי דאָך זייערע כּוחות נישט פאַרשווענדט אויף צוזאַמענקומען זיך?

ווילדער גאָט פון מיינע פּאַראַדאָקסן! צי ווייסטו, וויפל פּראָטעסט און שטורעם עס טראָגט אין זיך מיין קערפּער?

ווי אָפט ווילט זיך פאַמפּאַדורן זיך אַראָפּוואַרפן פון זיך, — איז ער אָבער באַקליידט.

ווי אָפט ווילט זיך פאַמפּאַדורן, אַז זיין ליידנשאַפט זאָל אויפבליען, ווי די שענסטע בלום אין פעלד, מוז ער זי אָבער צוימען, ווי אַ חיה.

גוטער גאָט, פאַמפּאַדור וויל נישט דיין גליק, ווייל דו קענסט עס אים נישט געבן; ווייל דאָס גליק האָסטו איבערגעגעבן אין די קליינע הענט פון דער שוואַכער פרוי, און וואָס איז דאָס, פרעג איך דיך, פאַר אַ גליק, אַז דער שטאַרקער מוז עס נעמען פון אַ שוואַכן.

באמת, גאָט, פאַמפּאַדור זוכט ביי דיר נישט קיין גליק, ווי ער זוכט נישט קיין כּבוד ביי מענטשן. כּבוד איז אַ געטלעכע זאַך. פאַמפּאַדור וואָלט דאָס געוואָלט האָבן, אָבער נישט פון מענטשן, ווייל וואָס איז דאָס פאַר אַ כּבוד צו קריגן פון די, וואָס מען פאַרלאַכט.

הייס־בלוטיקער גאָט! פאַמפּאַדור וויל רעוואָלטירן מיט זיין גאַנצן בלוט.

ער וויל זיין אַ הערשער איבער צייט און איבער זיך. אונטערטעניק וויל ער נישט זיין.

ער ווייס אָבער, אַז אויך נאַפּאָלעאָן האָט סוף־כּל־סוף געמוזט זיין ווידערשפּעניקסטן גייסט איינשליסן אויף אַן אינזל.

טראַגישער גאָט! אָפט ווילט זיך מיר נעמען דאָס, וואָס דו רופסט וועלט, עס צוטולייען פעסט צו מיין ברוסט, ווי אַ הייס־געליבטע און נאָכדעם אָפּשטויסן.

אין אָפּשטויסן, גאָט מיינער, ליגט מער ליבע, ווי אין צוטולייען...

און אַן אָפּגעשטויסענע זאָל זי זיך צעשיטן און זאָל פון די חורבות אַרויסשיינען אַ נייע וועלט, אַ גאַנצע, אַ פאַמפּאַדורישע...

נאָר ווייל איך קען עס נישט, און די וועלט מוז בלייבן, ווי זי איז — האַס איך זי...

אָבער מער פון אַלץ האַס איך דעם טויט. איך האַס אים, ווען אַפילו ער איז אַ זיסער שלאָף.

פאַמפּאַדור וואָלט געוואָלט וואַכן, אייביק וואַכן...

זיין ווייסע באָרד זאָל ווייזן איבער הונדערטער דורות.
אפשר וואָלט ער דאָך דערגאַנגען דעם סוד פון לעבן...
אומשכלדיקער גאָט! אָפּט ווילט זיך פאַמפאַדורן אַליין ווערן אַ נאָט, ווען אַפילו ער וועט דערפאַר מוזן משוגע ווערן... ווייל גאָט, זאָגט מען, איז העכער פון שכל, און כּדי צו ווערן עפּעס, וואָס איז העכער פון שכל, מוז מען פאַרלירן דעם שכל.
אויסגעלאַכטער און דאָך ליבער גאָט, מײַנער! איך לאָך פון אַלע תּפילות, און דאָך בין איך אָפּט מתפּלל.
פאַרנאַכט, ווען די זון לאָזט זיך אַרונטער, שאָקלען זיך פאָמפאַדורס ליפּן פון זיך אַליין. נאָר מײַן נישט, גאָט, אַז ס'איז פאַר דיר.
עס שאָקלען זיך מײַנע ליפּן גלאַט אַזוי זיך...
מײַן האַרץ איז איבערפולט, און איך ווייס נישט פון וואָס...
ווייל איך וויל אַ סך און מוז זיך באַגנוגענען מיט אַזוי ווייניק...
ווייל איך וויל גלויבן אין דיר און קען נישט גלויבן, אַפילו אין זיך...
אַזוי האָט מתפּלל געווען פאָמפאַדור.